י. צ. רימון

# לידער

אַריינפיר: פּרופ׳ דב סדן

איבערזעצט פון עברית: י. בערקמאַן




פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ"ג — 1983

J. C. RIMON

# POEMS

דערשינגען מיט דער הילף פון

ייִדישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישׂראל
קרן תל־אביב לספרות ולאמנות
אליעזר פינעס־פאָנד פאַר קולטור און ליטעראַטור
אגוד הסופרים הדתיים
האגף לתרבות ואמנות ליד משרד החנוך

פאַרלאַג „ישראל־בוך“, הילפספאָנד פאַר יידיש־שאַפונג אין ישראל
תל־אביב, רח' איתמר בן אבי 4, ת. ד. 1777

Publishing House "Israel-Book",
4, Itamar Ben Avi st., Tel-Aviv, P.O.B. 1777

**Printed in Israel, 1983** נדפס בישראל,

דפוס „אורלי“ — פרידמן תל־אביב, טל' 332062

דעם אָנדענק פון מיין

פאָטער אלעזר־יעקב בערקמאַן

מוטער גאָלדע הי״ד

ברודער שבח הי״ד

דער איבערזעצער

דב סדן

# אַ פּרווו פון אַן אַרײַנפיר

## א

ודבר בעתו מה טוב — טײַטש: אַ וואָרט אין זײַן צײַט ווי גוט — איז אַ בפירושע אנדערע העלפט פּסוק אין משלי, און דאָס פאָלקס־מויל האָט דאָס געמאַכט אַ קליינעם שינוי, אָפּוואָרפנדיק דאָס אַנהויב־אות, דעם וואָ״ו החיבור (זע, אַ שטייגער, י.ח. טאַוויאָוו׳ס „משלים ופתגמים״, סי׳ 842), און האָט עס, כביכול, געמאַכט פאַר אַ גאַנצן, אויטאָנאָמען פּסוק, און אַזוי־אַרום אויסגעבויט ווי אַ ווערטל פאַר זיך, און עס אַפילו צוגעשפּיצט צו אַ מין פּאָפּולאַרן דרוש: אַ גוט וואָרט איז תמיד אין זײַן צײַט. אָט דאָס לאָזט זיך זאָגן וועגן ר׳ יונה בערקמאַן, וואָס האָט פאַרטראַכט און אויסגעפירט אַ דבר טוב, וואָס איז במילא בעתו — אַליין אַ יידישער, אַ טיף־יידישער דיכטער, האָט ער בכוח זײַנע, אי צאַרטע אי פעסטע, כלים, געלאָזט אויפשפּילן און אויסשפּילן, אין מאַמע־לשון, דעם אין־זיך־געוועגדטן משורר הקודש, ר׳ יוסף צבי ר י מ ו ן, פון די אָריגינעלסטע דערשײַנונגען אין דער מאָדערנער העברעיִשער ליריק, און כאָטש עס איז שוין לאַנג צײַט, אַז די יידיש־ליטעראַטור, אין איר איבערזעצערישער קולטור־פּאָליטיק, וואָס זי באַטרײַבט אין די לעצטע דורות, זאָל זיך פאַר דעם באַזונדערן פענאָמען אינטערעסירן, און דער אויפטו, דער אָפּקלויב, וואָס ליגט איצט פאַר אונדז, האָט געלאָזט אויף זיך וואַרטן, איז דער פאַרשפּעט נישט קיין צופאַל, דען דער מקור האָט זיך דערוואַרט זײַן רעכטן מתרגם, חזרן מיר במילא איבער: דבר בעתו מה טוב.

## ב

מיר האָבן גערעדט וועגן אָריגינעלן פענאָמען אין דער מאָדערנער העברעיִשער ליריק, מיר ווילן פּרעציזירן: עס האַנדלט זיך דאָ אין אָנהויב, אין סאַמע אָנהויב פון דער, אַזוי גערופענער, פּאָסט־ביאַליקישער ליריק, וואָס וואָלט, פאַרשטייט זיך, אָן דער ביאַליקישער ליריק, נישט מעגלעך געווען, אָבער איר באַזונדערער כאַראַקטער האָט זיך אויסגעבולט אין סאַמע פּראָצעס פון דער ביאַליקישער שאַפונג. איך וואָלט דאָ געקענט פאַרווײַזן אויף מײַן דרײַ־מאַמרדיקע סעריע: יד חזון, משמע: דער כוח פון וויזיע (אין מײַן בוך: „בין דין לחשבון״, תשכ״ג, זז. 78—85) און

אויף אַנדערע מאַמרים־סעריעס פון אַפּשאַצערס, בעיקר, אָבער, דוכט זיך, אַז עס בעטן זיך קודם כל עטלעכע אינפאָרמאַטיווע ביאָגראַפישע שטריכן וועגן פאַרשוין און זײַן גאַנג אין און צווישן וואָר און דיכטונג.

איש היה אין אַ פרומער משפחה אין אַ יידיש־פּויליש שטעטל (ביעזשון אין פלאָצקער קרײַז) ושמו ר׳ אפרים אליעזר גראַנאַט, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן צו „מזרחי" און עולה געווען קיין ארץ־ישראל (1906) און דאָ זיך פאַרנומען מיט מסחר און אויפקויף פון באָדן, און דרײַ יאָר שפּעטער האָט ער אַראָפּגעבראַכט די קינדער זײַנע, יוסף צבי און יעקב, וואָס האָבן, צוגלײַך מיט אים, דעם טאַטן זייערן, פּרי אַרויס־געוויזן אַ נטייה צו דער פּען, און זײַנען אויך געוואָרן אנשים סופרים, בעיקר, די צווי זין, פאַעטן פון אַ פאַרשיידענעם קאַליבער. יוסף צבי, געבוירן תרמ״ט (1889). האָט גאָר פרי גענומען שרײַבן, און די ערשטע ליד געדרוקט אין „הפּרחים" פון ישראל בנימין לעווונער, אַזוי לויט קרעסל און גראַיעווסקי, אָבער לויט דעם דיכטערס זון, דוד רימון, אין „גן שעשועים" פון אברהם מרדכי פּיורקאָ (וועגן זײַן געשטאַלט פאַראַן אַ פײַנע פּאָעמע פון נחמן ראַפּפּ), דאָ, אין לאַנד, האָט ער זיך געדרוקט אין דער פּרעסע, און נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און בשעת איר, זײַנען אַרויס בינטלעך לידער זיינע („לקט", „דביר", „במחזה"), וואָס האָבן אַנטפּלעקט זײַן טיף־רעליגיעזע, מיסטישע נטייה, אין תוכן, טאָן און שטימונג. תחילת איז ער הי געווען אַ שרײַבער אין כולל וואַרשע, שפּעטער אַ לערער אין „תחכמוני" און אַ ביבליאָטעקאַר אין חיפה. אָבער אַ קרבן פון אַ ברוטאַלן איבערפאַל מצד צעווילדעוועטע אַראַבער (תרפ״א), האָט ער זיך מתבודד געווען אין דער שול פון אר״י אין צפת, און האָט זיך ערשט, נאָך אַ טוץ יאָרן, אומגעקערט קיין תל־אביב. אויך דאָ האָט ער ממשיך געווען זײַן התבודדות — מען פלעגט אים דאָ, נישט זעלטן, זען שפּאַצירן מיט זײַן מאָגערן פאַרמעט־פּנים און טונקעלע טרויעריקע אויגן, און ס׳האָט געווייט פון אים אַ נישט־הי־וועלטישע אָפּגעזונדערטקייט, און ער איז געווען גאָר שפּאָרעוודיק מיט וואָרט, ווי אייגער, וואָס איז פאַרשלאָסן מיט זיך און אין זיך אליין. אַפילו ווען אַרום אים האָט זיך דער אינטערעס פאַר אים גענומען שטאַרקן, איז די מחיצה צווישן אים און אַרום נישט קלענער געוואָרן, און ער איז געבליבן דער שטילער, כמעט שטומער, מתבודד. מען האָט אַלץ מער און רוישיקער גערעדט וועגן זײַן שאַפן, בפרט נאָך דעם ווי עס איז אַרויס זײַן בוך לידער „כתרים" (תש״ד), מען האָט, מיט גרויס ליבשאַפט, געפראַוועט זײַן יובל הששים, אָבער ער איז געבליבן וואָס ער איז געווען,

לויט זײַן טבע און זײַן גורל — דער האָר און דער קנעכט פון אַן אײביקן שיוויתי, ביז ער איז, אויפֿן שוועל פון ימי שנותינו (תשי״ט) נפטר געוואָרן.

ג

דער רעליגיעזער כאַראַקטער, ווי אַ גרונט־שטריך פון י. צ. רימונ׳ס פּאָעזיע, באַזירט, פאַרשטייט זיך, אויף זײַן ביאָגראַפיע, און עס בעט זיך צו באַטאָנען די השפּעה פון זײַן רבין, דעם לידער ראש־ישיבה, ר׳ יעקב יצחק ר ײַ נ ע ס, דעם אײגנטלעכן איניציאַטאָר פון דער „מזרחי״־באַוועגונג; פון ר׳ הלל צ ײ ט ל י ן אין זײַן ראָמאַנטיש־חסידישן וועג פון אַ בעל־תשובה; פון ר׳ אלכסנדר זיסקינד ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש אין זײַן באַװוּון פּרווו פון אַ רעליגיעז־סאָציאַליסטישן סינטעז, און בעיקר פון הרב ר׳ אברהם יצחק הכהן ק ו ק, וואָס שרײַבט וועגן יוסף צבי רימון: „מעגלעך, אַז דווקא אַ דיכטער, אַ מאַרטירער פון זײַן לעבנס־גורל, ווי דער דאָזיקער ליבלינג אונדזערער, איז פּעיִק צו עפענען די שטראָז פון קדושה (מסלול הקודש), אין דער זיך באַנײַענדיקער ישראל־פּאָעזיע, ווי נאָך־דעם זי איז פאַרשטומט געוואָרן, במשך הונדערטער יאָרן, האָט זי געעפנט איר מויל צו ריידן גרויסקייטן, אָבער דרויסנדיקע אומשטאַנדן פון וועלטלעכן לעבן האָבן אין איר אַן אַנטשיידנדיקן אָנטייל גענומען, כאָטש ווי אַ שירת־ישראל וואָלט זי דאָך געמוזט זויגן ממקור־הקודש. און אָט באַווײַזט זיך אונדזער ליבער דיכטער, ר׳ יוסף צבי רימון, ווי אַ הדס אין מדבר, און זויגט פונעם מאַרך פון געהייליקטן לעבן, וואָס איז באַהאַלטן אין זײַן גײַסט אינעווייניק און אָפּגעהיטן אין דער ריינקייט פון זײַן לעבן און אין געפיל פון זײַן באַזונדערער טהרה״.

די ווערטער פון הרב קוק, וואָס מיר האָבן דאָ פאַרײדישט, געפינען זיך אין זײַנס אַ בריוו צו ר׳ פּנחס גראַיעווסקי, דעם עניוותדיקן און איבערגעגעבענעם כראָניקער פון ירושלים, און ער האָט דעם בריוו געדרוקט בראש דעם העפט, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן לכבוד דעם האַלבן יובל פון רימונ׳ס ליטעראַרישער טעטיקייט (תרס״ז—תרצ״ב). דאָרט ווערט אויך געבראַכט אַ בריוו פון ר׳ אלכסנדר זיסקינד ר אַ ב י נ אָ װ י ט ש, וווּ עס הייסט: „ר׳ יוסף רימון לײַדט, אין זײַן לעבן, שווערע ייסורים, אָבער גרויס איז זײַן נחמה, דער רוח־מסתורין באַוועקט אים, צוזאַמען מיט דער בענקשאַפט צום אייבערשטן ליכט, האָט ער אַ נחת רוח פון דער גוטער מתנה, וואָס דער אייבערשטער האָט אים געלאָזט אַרבן, אַרויסצוזאָגן זײַנע געדאַנקען אין אַ שיינער פּאָעזיע, וואָס דערהויכט אויך די נשמה פונעם לייענער״.

דאָס העפט — וואָס איז אַרויס דרײַ יאָר נאָך יענעם יובל געהער איצט צו די ביבליאָגראַפֿישע זעלטנקייטן, — איז אָנגעפּראָפּט אָפּשאַצעריש מאַטעריאַל פון אַ מנין מחברים, דארונטער דיכטער און פּובליציסטן, און פראגמענטן פון דער פרעסע, און דאָ איז גאָר בולט דאָס וואָרט פון אונד־זער דיכטערס, וואַרעמען און געטרײַען פּראָטעקטאָר, ר׳ בנימין:

„יוסף צבי רימון, וואָס טוליעט זיך הײַנט צו די פעלדזן פון צפת, איז הײַנט־צו־טאָג דער איינציקער רעליגיעזער שרײַבער אין אונדזער קרית־ספר, דער לעצטער (און אפשר דער ערשטער ?), אין אַ פּראַכטיקער קייט. מיר פאַרמאָגן הײַנט קאַרגע זעכציק דיכטער — און כמו־דיכטער אָן אַ צאָל — און ווען מיר זאָלן קומען דרוקן אַלע זייערע לידער, וואָלטן די ביימער פון די הערצל־וועלדער, כאָטש זיי האָבן זיך פאַרמערט אין די לעצטע יאָרן, זיך געענדיקט, און די לידער וואָלטן זיך ניט געענדיקט. אָבער אַ יידיש קינד, אַ זון פון דער אומה, וועלכע האָט אַרײַנגעפירט די רעליגיעזע פּאָעזיע אין אוצר פון דער מענטשהייט, און אירע מזמורים זינגט מען אין אַלע עקן פון דער וועלט — אַ יידיש קינד, וואָס זאָל נאָך זינגען זײַן ליד צום לעבעדיקן גאָט, וואָס זאָל נאָך איידל נאָכשפּאַנען אין די שטעגן פון בן־גבירול און הלוי און עבן עזרא, און מיט אַ צולאָג פון ווייכקייט, בענקשאַפט צו גאָטס שכינה פון די קהילות אוקרײַנע־פּוילן — אַזוינס נישט מיר זעען און נישט מיר הערן. מיר האָבן, ברוך השם, גרויסע רבנים און דערהויבענע אדמורים, מיר האָבן לײַטישע פּאַר־שערס און אויסגעצייכנטע געלערנטע, מיר האָבן אַפילו שרײַבערס מיט טאַלאַנט, איינער אין מדינה און אַן אַנדערער אין אַ וועלט־טייל — זינגערס זענען נישטאָ, און דאָס איז נישט קיין גוטער סימן. אין די גוטע טעג פון אונדזער אומה זענען אירע דיכטערס געגאַנגען בראש. עס זענען געווען לערנהײַזער פאַר דיכטער. „אנעים זמירות ושירים אארוג, כי אליך נפשי תערוג” (איך וועל צימלעך מאכן געזאַנגען און פאַרוועבן לידער, בעווײַל צו דיר בענקט מײַן נשמה). אָט די לויים בײַם דוכן, אָט תהילים, אָט די ליכטער פון ספרד, אָט די יידן פון תימן, איטאַליע, דמשק. אַפילו דער „חיי אדם”, וואָס איז כולו סימנים און פּאַראַגראַפן, האָט צוגעשטעלט „תפילה זכה”. אַפילו שרה בת־טובים, אַ שאָטן פון אַ דור, האָט עפּעס אויסגעדריקט, עפּעס נײַעס צוגעגעבן, פון איר גײַסט און נשמה. און פּלוצעם זענען די ליכטער פאַרטונקלט. אין אַ דור, ווו די העברעישע פּאָעזיע האָט געפײַערט אירע גרויסע נצחונות, איז רימון געווען אַ משורר־יתום, אָן איינציקער, אַן אוניקום, אַ ייִד, וואָס דער יצר זײַנער רעדט

אים צו אויסצוזינגען דעם שמועס זײַנעם פאַר גאָט אין שיר און מליצה, אין ליד און אין תפילה. עס אַרט זייער, אַז עס האָט זיך גיט געפונען נישט קיין פאַרלעגער, נישט קיין אויסלייזער פאַרן ספר, וואָס הייסט „עולה לד׳", און ער וואַלגערט זיך ווי סתם אַ שערבל. ר׳ מאיר רימון מצא תוכו אכל, קליפתו זרק (ר׳ מאיר האָט געפונען אַ מילגרוים, דעם תוך האָט ער געגעסן, די שאָל האָט ער אַוועקגעוואָרפן), און איר, הויז ישראל, הויז פון ווידערשפעניקייט, אַ מילגרוים האָט איר געפונען און אַוועקגעשלײַדערט, סײַ דעם תוך סײַ די שאָל, דעם גוף און די נשמה צוזאַמען. שטוין איבער שטוין: דער דאָזיקער דערשלאָגענער און פאַרשעמטער, וואָס מען האָט אים, מחמת צופיל טירדה, אָפּגעשטויסן פון לינקס, און נישט געגוג דערנענטערט פון רעכטס, ער דריקט עס אויס די פאַרבאָרגנסטע פאַרלאַנגען פון דור. די אײדעלע שכינה, די פּראַכט פון דער זון, און די שיינקייט פון שולמית — זיי בינדט ער די קרוינען פון זיין מוזע".

דערצו אַ באַמערק: ר׳ בנימינס מאמר איז טאַקע געווען אין דער־מאָנטן יובל־העפט, וואָס גראַיעווסקי האָט אַרויסגעגעבן, ער האָט דעם מאָמר געשריבן און געדרוקט מיט פינף יאָר צוריק, אויף די שפּאַלטן פון „ההד". מיר האָבן עס איצט פאַריידישט, אויך כדי מרמז צו זײַן, ווי ווײַט די שאַצערס און אָפּשאַצערס האָבן זייער קול לטובת רימון, געהאַלטן ווי אַ קול קורא במדבר.

**ה**

אָז עס איז נישט אַזוי, אָדער אַקוראַט נישט אַזוי געווען, באַווײַזט דער אויפגעלעבטער אינטערעס, און דאָס נישט פון רעכטס, נאָר דווקא פון לינקס — אַזוי, אַ שטייגער, האָט דער „דבר" אָפּגעגעבן דעם דיכטער און זײַן דיכטונג אַ נומער פון זײַן ליטעראַרישן בײַלאַג (סיון תרצ״ט), און דאָס איז געווען מכוון צו זײַן, וואָס עס איז געוואָרן — אַן אויפטאַקט צו אַ גרעסערן אָפּקלויב פון זײַנע לידער און פאָעמען: „כתרים", משמע קרוינען, („עם עובד" תש״ד), מיט אַרײַנפירן פון יעקב ר אַ ב י נ אָ־ װ י ט ש און אברהם ק ר י ב, (קריוואָרוטשקאָ), און אַ ביאָגראַפיע פון דיכטער, געשריבן פון זײַן זון, דוד ר י מ ו ן. כדאי אויך נישט לאָזן אומדערמאָנט די אימפּרעזע לכבודו, וואָס איז אַראַנזשירט געווען אין זאַל פון „הבימה", און ווו עס האָט גערעדט דוד ר מ ז, וואָס איז אליין געווען אַ דיכטער (אונטערגעשריבן מיט זיין עיקר־נאָמען דראַבקין, אָדער פסעוודאָ־נים אבידור, און גאָר וואָגיק פאַריידישט ביאַליקס „המתמיד", וואָס וואַרט נאָך פּובליקירט צו ווערן). אַ היפּשן אָפּקלאַנג האָט אויך געהאַט די אימפּרעזע לכבוד דעם זעכציק יאָריקן יובל פון דיכטער (תש״ט), וואָס

איז געפּראַוועט געוואָרן אין דער פּרעסע, ווו עס האָט זיך לײַטיש געלאָזט שפּירן דער רושם, וואָס „כתרים" האָבן געמאַכט. פון דער דאָזיקער יובל־ליטעראַטור ווילן מיר אויסבולטן דאָס וואָרט פון אשר בּאַראַש, בײַ אַ מסיבה אין זאל פון קרן קיימת אין תל־אביב: „אַלע הוויות פון דער וועלט און פון דעם לעבן, זענען פול שאָטן פון ווונדער און ער, רימון, רוט אין דעם דאָזיקן שאָטן. אויך די שווערקייט פון דער עקזיסטענץ, די יסורים, ראַנגלעניש, מה־דאָך דער חלום און די וויזיע — רוען אין שאָטן פון ווונדער. דער יסוד פון פאַרווונדערונג איז איינער פון די יסודות פון דער פּאָעזיע בכלל — — ווען רימון איז געקומען אין לאַנד אַרײַן, אין די סאַמע יִינגלשע יאָרן, האָבן אים מקרב געווען צוויי שרײַבער — אלכסנדר זיסקינד ראַבּינאָוויטש און יוסף חיים בּרענער. אז"ר איז געווען, אינגאַנצן, אײַנגעוואָרצלט אין טראַדיציאָנעלן און רע־ליגיעזן שטייגער, און עס האָט אים געצויגן צו רימון מחמת דעם טראַ־דיציאָנעל־רעליגיעזן עלעמענט זײַנעם. עס האָט אים געכישופט דער האַרציקער און וואַרעם־פּולסירנדיקער דיכטער. בּרענערן ווײַטער האָט געצויגן אַן אַנדערער עלעמענט — דער עלעמענט פון ייסורים בײַ רימון. נאָך אין די ערשטע יאָרן האָט זיך רימון אַנטפּלעקט ווי דער דיכטער פון ייסורים, די ייסורים פון מענטשן, בעווײַל ער איז אַ מענטש, און די ייסורים פון אַ יידן, וואָס טראַכט און פילט. און בּרענער האָט ליב געהאַט בעלי־ייסורים. ער גופא איז געווען פון די שרײַבערס, וואָס גיבן, אין זייערע שאַפונגען, אויסדרוק די ייסורים פון מענטשן. צו אונדזער לייד האָט זיך דער עלעמענט פון ייסורים פאַרמערט אין רימון'ס פּאָעזיע. ער איז געווען איינער פון די גרויסע בעלי־ייסורים אין אונדזער דיכטונג — — — דער דריטער יסוד אין רימון'ס שאַפונג איז די פאַרשיכורטקייט. פאַראַן אין זײַן נשמה און אין זײַן לידערוואַרג יענער גײַסט פון שיכרות, וואָס גיסט אַן וואַרעמקייט, כישוף, חלום און אַ דין הייטל פון פאַנטאַזיע. — — רימון האָט האַלט זיך צו באַנוצן מיט די ווערטער: חזון, חזיון, חזיון־אל־דאָס וואָרט לאָזט אים נישט אָפּ. איך בין מסופק, צי איז בײַ אים, צווישן צען שירים, דאָ איינס, וואָס פאַרמאָגט נישט דעם עלעמענט — — פאַראַן אַמאָל אַ זייער דין שטריקל, וואָס מאַכט נישט קיין רושם פון אַן איבעריק גרויסער שטאַרקייט, אָבער ווײַל עס איז געמאַכט פון אַמתער זײַד, איז עס גוואַלדיק שטאַרק. איך וואָלט רימון'ס לידער, זײַן אויסדערוויילט און געלײַטערט ליד, אָנגערופן — אַ ריינער זײַדענער פאָדעם — —"

דאָס וואָרט פון אשר בּאַראַש פאַרבעט ממילא צו לאָזן הערן אַ וואָרט פון זײַן האַרציקן פרײַנט, יעקב ראַבּינאָוויטש — (זיי האָבן

ביידע רעדאַקטירט דעם זשורנאַל „הדים", ווו רימון איז געווען אַ באַ־ליבטער אורח) — און ער האָט דאָך, מיט זײַן עסיי, דערעפנט דאָס געזעמל „כתרים". איז כדאַי צו באַמערקן, אַז ראַבינאָוויטש, וואָס שטאַמט אָפּ פון דורות רבנים, האָט מיט זײַן מתנגדישער ירושה צעמענטירט די משכּיליש־וועלטלעכע באַזע פון זײַן קולטור־קוק (זײַנער אַ פּסעוודאָנים איז געווען: לאַ־תיאולוג, דהיינו: אַ נישט־טעאָלאָג), און אָפּשאַצנדיק י. צ. רימון — האָט ער נישט אַזוי איינזײַטיק, ווי אַנדערע, געזען זײַנע מקורי־יניקה. „אין זײַן לעבן, אין די געשעענישן פון זײַן לעבן, האָט ער, רימון, נישט זײַנס גלײַכן. אפשר אַ מענטש פון אַן אוראַלטן געבירד, וואָס איז מגולגל געוואָרן אין אַן אַנדערער וועלט אַרײַן, און אפשר אַ נשמה פון אַ נישט־געוויינטלעכן סאָרט. פרעמדלעך איז רימון אין זײַן פּאָעזיע, נישט אַזוי אין איר אינהאַלט ווי אין איר אויסדרוק. דער אינהאַלט איז צומאָל פון אונדזער פּאָעזיע בכלל, און צומאָל פון דער פריִערדיקער, רעליגיעזער, פון תפילות און פּיוטים, און פון דער רעליגיעזער פּאָעזיע בכלל, בעיקר פון נאָך דער ספרדישער פּאָעזיע, נישט פון די אשכנזים, נאָר פון די איטאַלקים, פון ישראל נאַדזשאַראַ וכדומה. אָבער צו דעם אַלעמען איז צוגעקומען די דיכטונג פון זײַן אייגן לעבן. פאַראַן אין זײַן דיכטונג אַ סך פון דער אויטאָביאָגראַפיע, פון דעם סאָרט, וואָס געטהע האָט אים זייער געשאַצט. די פּרשה פון זײַנע דרויסנדיקע ייסורים און זײַנע אינעווייניקסטע לעבנס־פּחדים — זיי האָבן זי בעיקר געשאַפן. דוכט זיך, אַז די לידער וועלן בלײַבן אַ קנין, אָדער ווי מען זאָגט, אַ פּאַטעטיש „פאַרמעגן". זיינע לידער צו גאָט און צום פאָלק ישראל, די וואָס זענען דורכגעדרונגען אַ רעליגיעז געפיל, וועלן זיך אַנשליסן צו אונדזער פריִער־דיקער פּאָעזיע, וואָס האָט גערן געהאַט ממשיך צו זײַן, נאָכצומאַכן, און האָט נישט מקפיד געווען אויף פאַרזיכדיקייט (זע מאיר ווינער'ס אַרײַנפיר צו דער אַנטאָלאָגיע פון אונדזער אַלטער פּאָעזיע). די לידער פון זײַן לעבן וועלן בלײַבן זײַנע, כאָטש אפשר דווקא אין זיי האָט ער זיך נישט מתכוון געווען צו פאַרזיכדיקייט — —"

ו

אויף וויפל דער דאָזיקער אויפטייל האָט האַפט, איז שווער צו אַנשטיידן, ווײַל דאָס קען זיך דאָך, ווי אַ יעדער פראָגנאָז, ערשט, נאָך דורות, אויסקלאָרן. אָבער דער צוגאַנג איז נאָענט צו דער הויפּט־ליניע, וועלכע עס האָט אַנטוויקלט אַ ייִנגערער דור אין דער קריטיק, און אַזוי ווי איך בין איצט דער עלצטער צווישן די לעבעדיקע פון דעם דור, וויל

איך מיר דערלויבן בקיצור צו צייכענען מײַן אײַנשטעל, ווי איך האָב ברייטערער באַהאַנדלט אין מײַנע עסייען. אָבער איידער איך שטעל זיך אָפּ אויפֿן טעות פֿון דער איינזײַטיקייט אינעם פֿאַרשטענדעניש פֿון רימון און זײַן מהות און גאַנג, ווײַל איך דערמאַנען, ווי ש״י עגנון האָט געזען די גרויס־יחידישע מערכה פֿון דער צווייטער עליה. לויט אים האָבן זי פֿאָרמירט און געפֿאָרעמט די גרויסע פֿאַרשוינען, ווי ער רעכנט זיי אויס (מעצמו אל עצמו, תשל״ו): יוסף חיים ב ר ע נ ע ר, אַרטור ר ו פּ י ן, הרב ר׳ אברהם יצחק ק ו ק און בערל ק אַ צ ע נ ע ל ס אָ ן (ער נעמט נישט אַרײַן דעם פֿינפֿטן, אהרן דוד ג אָ ר ד אָ ן, און דאָס איז אַ האַרבער טעות). דוכט זיך מיר, אַז די צוויי עקסטע פֿאָלוסן זענען יוסף חיים ב ר ע נ ע ר און הרב ק ו ק — פּונקט ווי עס דוכט זיך מיר, אַז קיינער איז, אין יענער תקופֿה, נישט געשטאַנען, אין אַזאַ מהותדיקער שפּאַנונג און אין אַן אינעווייניקסטן געראַנגל, צווישן די ביידע פֿאָלוסן, ווי יוסף צבי רימון, און דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט זײַן כּוח פֿון זײַן בי־פּאָלאַרן שייכות — סײַ צו דער מסורה, סײַ צו דער מאָדערנע, אַזוי אַז מען קען אויף אים זאָגן: והיו לאחדים בידו. האָב איך שוין אָנגעוויזן, אַז ער געהער צו די פּיאָנירן פֿון העברעיִשן מאָדערניזם, וואָס איז, אין סאַמע מ י ט ביאַליק, געקומען ווי נ אָ ך אים, כאָטש ער גייט פֿון א י ם — בעיקר פֿון תהומיקן אויפֿברויך פֿון זײַן „מגילת האש״. ווי די פּיאָנירן פֿון דער מאָדערנע, פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָב איך אויסגערעכנט: אברהם ב ן י צ ח ק (זאָנע), יהודה ק ר נ י (וואָלאָוועלסקי), דויד פ אָ ג ע ל, אביגדור ה מ א י ר י (פֿײַערשטיין), און יוסף צבי ר י מ ו ן. נאָך מער, ער, יוסף צבי רימון, איז בײַ מיר געוועזן אַן אַבסאָלוטע ראיה, אַז דער דאָזיקער מאָדערניזם גייט, נישט, אָדער נישט בלויז, פֿון דרויסן, נאָר, און אַפֿילו בעיקר, פֿון אינעווייניק: איז דאָך שווער אָנצוווײַזן אַ קאָנטאַקט צווישן רימון און רילקע אָדער האָפֿמאַנסטאַל (כאָטש ער האָט געקענט דײַטשיש, און איבערגעזעצט הערמאַן שוואבס „קינדהײַטס חלומות״). נאָך מער, בשעת קרני און המאירי זענען, נאָך בלאָנקעניש, געקומען וווהין זיי זײַנען געקומען, איז רימון דאָרט ווי געשטאַנען מכתחילה.

ז

ווער עס וויל וויסן, ווי עס שטייט הײַנט מיטן אָפּשאַץ און אײַנשאַץ פֿון רימון, דאַרף איבערלייענען די גרונטיקע, פֿאַרשעריִשע עסיי פֿון צבי ל ו ז, וואָס איז אַן אַרײַנפֿיר צום, ביז איצט, ברייטסטן און כוללדיקסטן אָפּקלויב פֿון רימון: „שירים״ (תשל״ג) — עס איז אַ, נאָך זיבעציק יאָר,

באַנייט באַגעגעניש מיט רימונס פּאָעזיע — לוז האָלט נישט פון די דעפּי־ניציעס, וואָס ווײַזן זיך אים אויס סטערעאָטיפּ: רעליגיעזער דיכטער, מיס־טיקער, פאַרצײַטישער פּייטן, בעל־תּפילה, ווײַל זיי „פאַרהעלפן גאָר ווייניק צום פאַרשטענדעניש פאַר רימונ׳ס פּראָבלעמאַטישער וועלט, פאַר זײַנע פּאָעטישע וועגן, בילדער און באַהעפטן, און אַוודאי נישט צום פאַרשטענ־דעניש פון זײַנע באַנײַערישע, איבעראַשנדיקע יסודות, וואָס זיי זענען דאָס בעסטע פון זײַן פּאָעזיע. אָט איצט, אין די זיבעציקער יאָרן, מיט אַ באַנײַטער באַגעגעניש מיט רימונ׳ס פּאָעזיע, ווערט, אָן שום ספק, קלאָר, אַז דער דאָזיקער דיכטער, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון געפּרעגן פון אַלטן העברעיִשן פּייט; וואָס האָט נישט מורא געהאַט פאַר השתּפכות הנפש און וויזיאָנערישקייט, האָט באַנײַט קוק־ווינקלען און אויסברוך־אופנים, דערוועגלעכע און ווײַט־גייענדיקע בילדער און שטימונגען, און האָט צומאָל דערגרייכט הויכע עסטעטישע דערגרייכונגען אין דער העברעיִ־שער פּאָעזיע נאָך ביאַליקן. די פרעמדקייט פון דער דאָזיקער פּאָעזיע, אויפן פאָן פון דער הײַנטצײַטיקער העברעיִשער פּאָעזיע, שאַנצט איר צו אַ זעלטענעם צויבער, דעם צויבער פון יחיד במינו (אַן איינציקן אין זײַן סאָרט) — —״

ער, צבי לוז, שטעלט זיך, אין אַ באַזונדער קאַפּיטל, אָפּ אויף די אָפּשאַצן פון יונגן און נאָך ייִנגערן דור קריטיקער. וואָס שייך מײַן קוק, אַז רימונ׳ס פּאָעזיע איז אַ מחויבדיקער לעבעדיקער המשך פון ביאַליקס פּאָעזיע, פלייש אוןביין פון אונדזער פּאָעזיע, מאַכט לוז אויפמערקיק דאַרויף, אַז ביאַליקס פּאָעזיע איז געבויט אויף אַ מעטאַפיזישן איבערבוך, און דערגרייכט צו ניהיליזם, ביאַליקס תּלמידים ווײַטער האַלטן שוין נאָכן און איבערן איבערברוך, בשעת רימון, אפילו אין זיינע איובדיקסטע מאָמענטן, געפינט זיך נישט אין אַ מעטאַפיזישן איבערברוך („אויך אין מײַן יאוש שפּרײַזט גאָט אַרום״). לאָזט ער מיר פּלאַץ פאַר אַ ויכוח, אָבער איצט וויל איך מיר באַנוגענען מיט אַ באַמערק, אַז מײַן הנחה פון רימונ׳ס שייכות צו ביאַליק, איז אַ סותרדיקע — סײַ אַ גענעטישע, סײַ אַ דיאַלעקטישע, איך וויל איבערחזרן, וואָס איך האָב געזאָגט וועגן רימונ׳ס געשפּאַנטן מעמד צווישן הרב קוק און ברענער, און אָנווייזן, אַז דער שפּיץ פון דעם ויכוח איז, צי האָט רימון נאָך נישט, אָדער שוין נישט, געוווּסט פון אַ מעטאַפיזישן איבערברוך. און מיר ריידן בפירוש וועגן שפּאַנונג און נישט וועגן פּשרה, ווו די קאָנטורן ווערן אויסגעגלעט, ווי מיר האָבן זי אין דער, לרוב בלייכער דיכטונג, וואָס וואַקסט בײַ די אָפּיציעלע און האַלב־אָפּיציעלע ראַנדן פון די פרומע פּאַרטייען. וואָס

שייך שפּאַנונג, איז אַ חוב צו דערמאָנען נאָך בולטע יחידים — געווען אַהרן צ י י ט ל י ן, געווען ישראל ש ט ע ר ן, און ס'איז דאָ ישראל ש ט ע־ ר ן (איש יאיר), געווען שרגא ק ד ר י (פייוול טעפּער) און ס'איז דאָ ז ע ל ד ע (מישקאָווסקי), און די שורה לאָזט נאָך עפּעס פאַרלענגערן, אָבער דאָס איז אַ פּרשה פאַר זיך.

אָבער צוריק צו צבי לוז — ער ברענגט אויך פון ייִנגערן דור, דן מיראָן, וואָס וואַרפט אָפּ די סברה, אַז רימון איז אַ „דירעקטער" ממשיך פון דער מסורהדיקער רעליגיעזער דיכטונג, זעט אים נאָענט צו דער מרידה פון דוד פאָגעל אָדער אברהם בן יצחק, און ברענגט אַ פאַרבליפּנ־ דיקע שפע ראיות צו דער המשכדיקייט פון ביאַליקס סימבאָלן. וואָס שייך ווײַטער זײַן „רעליגיעזן" שטעל פון אַ גרויסן געטלעכן אויסדערוויילטן, לגבי זיך אַליין, לגבי זײַן פאָלק און לגבי זײַן באַשאַפער, איז ער כלל נישט קיין איינציקער אין אונדזער פּאָעזיע, און פאַראַן גאָר אַ בפירושע נאָענטקייט, וואָס פאַרבינדט צווישן אים און צווישן געשטאַלטן, וואָס געהערן גאָר קלאָר צום „צענטראַלן גאַנג" אין דער „וועלטלעכער" העברעיִ־ שער פּאָעזיע פון ח. נ. ביאַליק ביז אורי צבי גרינבערג, ש. שלום און נאָך זיי" (1959). יאָ, אויך אין ייִנגסטן דור ווערן די קשיות געפרעגט, און איך האָב דאָנומלט געהערט דערוועגן אַ גאָר שאַרפע קאָנצעפּציע ביי אַ לעקציע פון יונגן ליטעראַטור־פאָרשער חנן ח ב ר, און מסתמא וועט נאָך זײַן אַ המשך דערצו.

## ח

לבסוף גלוסט זיך צו ברענגען אַ פראַגמענט פון דעם מאמר פון אברהם ק ר י ב, וואָס גייט סײַ אין קלענערן אָפּקלויב „כתרים", וואָס עס האָט באַזאָרגט אָשר ב אַ ר אַ ש, סײַ אין גרעסערן אָפּקלויב „שירים", וואָס האָט באַזאָרגט צבי לוז, דאָרט הייסט עס וועגן רימון: „אויב מיר זאָלן זוכן זײַנסגלייכן צווישן די דיכטער, וואָס זענען פאַר אונדז געווען, פאַרהאַלטן מיר זיך לעבן פרידריך העלדערלין, וואָס פאַראַן צווישן זיי עטלעכע שייכותן אין דער געשטאַלט און אין דער שאַפונג. ווער ווייסט, צי איז נישט באַשטימט אַ בשותפותער גורל זייער שאַפונג. אויך ער איז, ווי באַוווּסט, געווען אַ דיכטער מחוץ לענין, און עס בלינצלט אַ השערה, אַז ווען עס וועלן פאַרטונקלט און פאַרגעסן ווערן עטלעכע פון די, וואָס זיצן אין סאַמע פאַרנט מלכות פון דער פּאָפּולאַריטעט, וועט נאָך קומען דער טאָג פון דעם, וואָס מיר האָבן אים אָנגערופן: דער „פּליאַהדיקער דיכטער".

# אַ וואָרט פון איבערזעצער

שוין ביַים איבערלייענען איין ליד פון י. צ. רימון האָב איך דערשפּירט די אָנגעלאָדנקייט און די שורשדיקייט פון דיכטער, וואָס רופן זיך איבער מיט די מקורות פון תנ״ך, פון תלמוד, פון ירושה. זיַינע לידער האָבן געפונען אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין מיַין האַרץ, מסתמא אויך צוליב דעם, וואָס מיר ביידע זיַינען אַרויסגעוואַקסן פון דער זעלבער טראַדיציאָנעלער דערציונג, פון חדרים און ישיבות.

איך האָב געוווּסט, אַז מיט מיַין פאַרמעסטן זיך מיטן אָריגינאַל נעם איך אויף זיך אַ גרויסע אחריות. אָבער חוץ דעם עצם ווערט פון די לידער, האָט מיך אויך צו רו ניט געלאָזט די אָנגענומענע מיינונג, אַז י. צ. רימון לאָזט זיך ניט איבערזעצן. גאָר מיַין פריַינד דער איבערזעצער־עסטעט מרדכי סבר און מיַין ליבער חבר דער מדקדק זאב ליבנה האָבן געמאָנט פון מיר איך זאָל וויַיטער אָנגיין מיט מיַין „הייליקער אַרבעט״.

בעיקר האָט אויף מיר משפּיע געווען אַ בריוו פון פּראָפעסאָר דב סדן צו מ. סבר וועגן ווערט פון מיַין איבערזעצן י. צ. רימונס „שירים״, וועלכע ער, מ. סבר. האָט צו אים צוגעשיקט אויף מבינות, און אָט איז איין שורה פונעם בריוו: „תרגומיו של יונה ברקמן מצויינים — דקים, עדינים, מדויקים״. די דעה פון אַזאַ בר סמכא האָט מיך שוין מחייב געווען צו טאָן אַלץ, כדי מיַין מי זאָל איַינגעזאַמלט ווערן צווישן טאָוולען.

י. ב.

נ. ב.

אין די קרוב הונדערט לידער, וואָס גייען אַריַין אין דאָזיקן בוך, איז אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעהיט געוואָרן זייער כראָנאָלאָגישער סדר, און ס׳איז זייער אָנגענעם אָפּצומערקן, אַז די מוזע פון דיכטער האָט דורכגעמאַכט אַ כסדרדיקן באַרג־אַרויף.

כ׳האָב ליב די פעלדזן פון מײַן לאַנד
און אירע אַלע בערג.
[redacted] יעדער שטיין [redacted] זאָגט שירה.
איך גיי פון איינעם צו אַ צווייטן,
און ס׳וועקט אַ זמר זיך אין מײַנע ביינער:
ווי איך געלעבט האָבן זיי אַלע,
אַ סך געטרוימט, געבענקט —
זייער חלום ווײַט געווען פון וואָר איז —
זײַנען זיי געוואָרן שטיינער...

## אָוונט־פליסטער

ס׳האָט אײַנגעפּאַקט אַן אָוונט־ווינט אין זײַנע פליגל
מיך און די וועלט;
געקומען פון דער ווײַט, מיר אײַנגערוימט אין אויער:
דו לעבסט נאָך, לעבסט!
סוד נאָך סוד, סוד נאָך סוד —
בין איך פול מיט סודות!

דורכגעריסן האָט אַ שטערן זיך פון הימל,
אין מיר און אינעם האַרץ פון וועלט איז ער אַרײַן,
נאָך אים אַ צווייטער, דריטער און אַ פערטער...
אַ שטערן נאָך אַ שטערן, אַ שטערן נאָך אַ שטערן —
בין איך פול מיט שײַן!

יעדער ווינט און זײַנע סודות,
יעדער שטערן מיט זײַן שײַן, —
ווי הייליק ס׳איז די וועלט און ווי דערהויבן!
אַ ליבשאַפט־ווינט אַדורך. נאָך אים אַ ווינט פון קדושה,

מײַנע אויגן, מײַנע ליפּן האָבן זיי באַדעקט מיט קושן,
געבראַכט זיי האָבן וועלטן אין די פליגל,
באַזעצט זיי אין מײַן האַרץ־טיף און אַוועקגעפלויגן —
בין איך מיט וועלטן פול!

***

מיטן אויסברוך פון שטורעם, געציטערט דאָס האַרץ,
ס'איז דעמאָלט געוואַקסן אי פרייד און אי צער.

נאָר זײַן צאָרן גערוט האָט דער שטורעם, ווי גאָרניט געווען,
און דאָס האַרץ וועט ניט וויסן צי אים איז גאָר עפּעס געשען.

## אויף ציונס ערד

### א

כ׳האָב זיך פֿאַראייניקט מיט דער שטילקייט,
געציטערט האָבן מײַנע סטרונעס,
און ס׳האָט געשראָקן זיך מײַן זעל.

גענידערט האָט אויף מיר אַ נאַכט,
צעפֿלאַמט האָט זיך אַ שטערן־פֿײַער,
געשטיגן איז מײַן האַרצפּונק און געלויכטן האָט —
דער פּונק פֿון קדושה.

אין ציונס הימלען האָט געבלאַנדזשעט די לבנה,
די אַלייע שטערן האָט זי אָנפאַרטרויט דעם סוד
פֿון בענקשאַפֿט מײַנער צו מײַן היימלאַנד.

מײַן טרער געפֿאַלן איז אין שויס פֿון מאַמע־ציון:
דער נעכטן האָט פֿאַרראַטן,
צי אויסגעחלומט ווערן וועט דער הײַנט,
און אויך די צוקונפֿט לײַכטן וועט?!

### ב

אויף די חורבות פֿון מײַן האַרץ צעשטערטן
פֿאַלן שטראַלן פֿון דער זון,
דער חושך איז אַוועק, אַ מלאכס זינגען הערט זיך,
בײַ זײַן שײַן אַ געטלעכער פֿלאַם אין מיר זיך צינדט.
פֿון שטורעם, פּחד, שווידער — אויס איז,

תמימותדיק רוט ס׳האַרץ אויף זײַן געלעגער אָפּ;
פּראַכטפולע חלומות וועבן זיך אין אים.
ריין מײַן רעיון איז ווי יוספּס.
אַ תפילה זכה טראָגט זיך אין מײַן מויל צו גאָט.

ג

ווען רויִק ווערט דער שטורעם אין מײַן האַרץ,
ווער איך פאַרוווּנדערט:
ווער געגזלט האָט דעם קדושה־פלאַם?!
ווער האָט דורכגעריסן זיך צום מיקלט פון מײַן האַרץ
און האָט זײַן הייליקייט פאַרשוועכט?!

ס׳האַרץ איז פרעמד, און וועט נאָך קעמפן פאַר זײַן רעטונג;
ווען מען וועט פאַרקלאָגן זיך פאַר זײַן געוויסן,
וויינען וועט ער ווי אַ אויסגעזידלטער!

ד

געטראכט האָב איך זיך טובלען
אין טיפעניש פון ים,
מטהר זײַן מײַן זעל.

ווי קען איך זען מײַן גאָט,
ווען ס׳איז מײַן זעל פון קויט ניט ריין.
און שד׳יס קול געהערט כ׳האָב גיין,
אַ קול וואָס האַקט אויס פלאַמען.

ה

איך וועל ניט בלאָנדזשען, קומען וועל איך צו די בערג צעשפּאָלטענע,
צו קלייַבן קדושה־פונקען דאָרט פאַרבליבענע.

ווען סוויקלט איַין דער הימל זיך צו שחרית אין זיַין טלית,
וועל איך זיך אויסציִען מיט ליבשאַפט אויף דער ערד פון מיַין געבוירנלאַנד,
כ׳וועל פּיַיכט מאַכן מיט מיַינע טרערן גאַנצע גרודעס.

מיט פריַיהיַיט־פייגל וועל איך זינגען,
גאָטס שבחים כ׳וועל דער׳ציילן,
כ׳וועל אויסגיסן פאַר אים מיַין האַרץ און מיַינע טרערן,
אַן איינזאַמער, פון שטאָטמענטש אָפּגעוויַיטערט.

## איך בין אַ פּרינץ

איך בין אַ פּרינץ! אַ פּרינץ בין איך!
אין טאַטע־מאַמעס גאָרטן כ׳האָב שפּאַצירט אַהינטער זייער פּאַלאַץ,
געקליבן רויזן אויסצופלעכטן קרענץ פאַר זיך.
אַ ווײַסע טויב געפלויגן דאָן איז אין די הייכן,
איר בליק האָט מיך באַהאַרצט, איר פליגל־ווייכקייט האָט פאַרכישופט,
בין איך אַרויס באַצויבערט נאָכגיין איר געשוועב...
די פּרדסים פונעם הימלבלוי עס האָבן מיך געצויגן,
אַרויף בין איך אויף בערג, גענידערט אין די טאָלן —
פאַרכאַפּט פון הימלען און פאַרכאַפּט פון בלוי...
אַ בליק געטאָן כ׳האָב אין דער ווייט: ניטאָ די טויב!
פאַרביטערט האָב איך טעג און נעכט געבלאָנדזשעט,
דאָס זײַדן־העמדל אויף מײַן לײַב איז זיך צעפאַלן,
פאַרמאַטערט כ׳האָב זיך ביז צום טויט, און מײַנע פיס געשוואָלן.
געקומען, פרעמדע, כ׳בין צו אײַך אַזוי פאַרפּײַניקט —
און איך בין דאָך אַ פּרינץ! אַ פּרינץ בין איך!
און סטרונעס גאָלדענע אין האַרץ מיר ברומען,
ווי דער פּורפּור פונעם כּרמל ווען די זון פאַרגייט —
זיי צינדן אָן מײַן האַרץ, צעפלאַמען מײַן נשמה;
מײַן שטאָלץ געזאַנג איז אָבער פרעמד פאַר פרעמדע,
זיי וועלן מיך ווי אַ מטורף פּײַניקן מיט שטעקנס,
און ווען כ׳וועל פאַלן מיד און אויסגעשעפּט, אָן כּוח —
אַ טויטן וועלן זיי בײַם פּאַרקן מיך באַגראָבן!
נאָר איין זאַך וועט זיי תּמיד קלינגען אין די אויערן,
נאָר איין זאַך וועט זיי תּמיד פּיקן אינעם מוח:
איך בין אַ פּרינץ! אַ פּרינץ בין איך!

## אַ תּפילה

איצט, ווען כ׳הער זיך צו צום רויש פון נײַע וואַלן,
די אומעט־טעג בראַנד־דורשטיקע געדענק איך,
פֿאַל איך אויף די קני, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
און הייב די הענט צום הימל, כ׳בין מתפּלל:
רבונו דעלמא!
נעם צו פֿון מיר די זיסע ימים,
און אַנשטאָט גליק און לעבן טייל מיר שירה צו,
ווי שווער עס זאָל דײַן האַרץ און האַנט אויף מיר ניט פֿאַלן —
נאָר רײַס ניט אָפּ פֿון מיר מײַן קינד און ווײַב, רחום וחנון!

## כ׳וועל אויפהייבן די אויגן

כ׳וועל אויפהייבן די אויגן צו די בערג,
כ׳וועל צו די בערג די אויגן אויפהייבן:
אַ זילבער־ליכט צעגיסט זיך,
אַן אומעט־בלאָ גייט זיך זײַן וועג,
אַ קליינער שטערן, עזותדיק,
די זונטריט שטויסט אַרויס פון זייער טאָג,
פּאַלט טויט צוליב זײַנע באַגערן —
ס׳קלאָגט אַ יונגער אָוונט אויף זײַן ניפטר...

כ׳וועל אויפהייבן די אויגן צו די בערג,
כ׳וועל צו די בערג די אויגן אויפהייבן:
מלאכים־מענגעס פלאַמיק פלאַטערן,
די שכינה שווימט אין איר פּאַרבענקט,
גאָט לאָזט אַראָפּ זיך אויף די בערג,
אַ ליבשאַפט־קוש מיט פײַער־וואָלקנס שפּריצט,
זייער חסד־בליק דערפרייט נשמות,
זייער האַרציקייט אין מערב ברומט...

כ׳וועל אויפהייבן די אויגן צו די בערג,
כ׳וועל צו די בערג די אויגן אויפהייבן:
עס זייען שטערן־ליכטער שײַן,
ס׳רײַסן גליק־אוצרות אויף הימלען,
פליסטער־קוואַלן טראָגן זיך געלאַסן,
אַ סודות־מלכה שפּרייט איר פליגל אויס,
מײַן זעל איז מיד פון געטער־שטורעם,
זינקט אין נאַכט און אין איר וווּנדער...

## אוי, ווער וועט אָניאָגן די מלכּה?

די זון זיך איַילט צום ים איר היץ אָפּטובלען,
און די לבנה בלאָס איז און פאַרהפקרט.
די נעכט זיך ציִען זייער לאַנג און לענגער,
און שיין די ליבשאַפט איז אין פאַרגעניגן, שיין!
אַ ליב־געגלוסטע מלכּה אָן איין מום;
זי לויפט אַוועק און טראַכט ביַי זיך: נו, כאַפּט מיך!
אוי, ווער וועט אָניאָגן די מלכּה!

אַ נעגער יאָגט זי נאָך — אַ שוואַרצער וואָלקן,
אַ שמיד האָט זיך אין האַרצן אים פאַרקליבן
און קלאַפּט אויף דער קאָוואַדלע מיט אַ האַמער...
אויב ניט אַרומנעמען וועט ער די מלכּה,
פאַרפלייצן וועלן טיַיכן בלוט די נאַכט...
ער ברענט, אַ פיַיער פרעסט אים אויף, ער יאָגט —
אוי, ווער וועט אָניאָגן די מלכּה!

געטאַנצט אַ מלאך האָט און אינעם מיטן „קדוש"...
ווי שיין די מלכּה איז! האָט ער אַ זאָג געטאָן;
און אויפן רעשטל תּכלת צווישן וואָלקנס
מיט גלי אַ לאָז געטאָן זיך צו דער מלכּה.
אַ געטלעך פיַיער פלאַקערט אין זיַין האַרץ...
אַרויפכאַפּן וועט ער זיך פלוצלונג אויף דער מלכּה! —
אוי, ווער וועט אָניאָגן די מלכּה!

מײַן האַרץ און זעל זײַ גײען נאָך דער מלכּה אויס,
אויף מײַנע שירה־פליגל כ׳וועל אַ שווונג טאָן
און שטיל, גאָר שטיל כ׳וועל איר מײַן סוד אַנטפּלעקן.
די מלכּה איז געגלוסט, איז שײן און צאַרט,
און איך פֿאַרפּלײצן פּלוצלונג וועל איר מויל,
איר ליפּ און נאַקן מיט אַ רעגן קושן —
אוי, ווער וועט אָניאָגן די מלכּה!

## טוליע זיך, קינד

טוליע מיט כוח זיך קינד צו מײַן ברוסט,
און מײַן שויס דײַנע װאַרעמע טרערן פֿאַרטרוי.
זאָל פֿאַלן דײַן גלוסט און דײַן בענקשאַפֿט פֿון האַרץ
אויף מײַן װיסטער נשמה װי טוי.

און די װעלט? — פֿרעגסט — ס'איז גאָרנישט מיט נישט,
פֿאַראומערטע װאָלקנס אין הימל־געשפּרייט.
זיי בלאָנדזשען װי דו אום און זוכן אַ שויס
פֿאַר טרערן פֿון פּײַער װאָס הײַען אין זיי.

**
*

אַ שוואַרצכמאַרעדיקער טרויער האָט מיך איינגעפּאַקט,
מיין ברומיק האַרץ האָט זיך אין אים צעגאָסן;
עס האָט אַ מיידל־לאַך מיט פרייד מיך אָנגעקוואָלן,
מיין ברומיק האַרץ האָט זיך אין אים צעגאָסן.

צונויפגעשטויסן האָט זיך ס׳צאַרטע מיט דער אימה —
איז אויסגעגאַנגען זייער זעל פון צער...
אַ שאָד אויף מיידל־לאַך, ווען ס׳האָט פאַרשאַרט אַ טרויער־כמארע,
אַ שאָד אויף טרויער־כמאַרע, ווען אַ מיידל־לאַך עס האָט פאַרשאַרט.

## שטאַרבנדיק

(פראַגמענט)

...און באַגעגענען וועט מיך דער טויט דער פּויליאַק,
אין קומען צו מיר אָן באַגער —
און וועט מיך פֿאַרנעמען.

דער מענטש וועט זײַן כּעס דאָן אויסלאָזן
צו אַ צוויטשענדיק פֿייגעלע —
און שטום וועט עס בלײַבן...

און אַ רעגן וועט גיין,
אין שרעק פֿאַרן גאַנצן אַרום,
וועט ער טאָג און נאַכט פֿון זײַן פּיזמון
ניט נאָכלאָזן.

און אָנקומען וועלן באַזונדערע צוויי
און שפּאַלטן מײַן האַרץ, ס׳הייסט:
וואָס האָט געברומט אין זײַן האַרץ,
וואָס האָט דאָרט געשטורעמט?

זיי וועלן זוכן און זוכן —
און גאָרנישט געפֿינען...

און זיי וועלן שילטן —
מיך מאַכן צו בלאָטע — — —
אויסשפּײַען וועט אויך זײַן ביסן אַ קינד —
וועט זידלען.

און ווען דער אָרון וועט פּאָרן,
זיי אויף צו להכעיס,
וועלן די צוויי איִם באַגלייטן.

*

פאַרמאַטערט פון האַקן אין דר׳ערד,
וועט איינער אַ וואָרף טאָן זײַן רידל:
סאַראַ קעלט הײַנט, אַ קעלט!

דער צווייטער ט׳אַ ריב טאָן אַ האַנט אין אַ האַנט,
אַ בורטשע טאָן וועט ער און זאָגן:
סאַראַ קעלט היינט, אַ קעלט!

***

זײַ פֿאַר מיר אַ לויכטשטערן
אין חושכדיקע נעכט,
און שיק מיר דײַנע שטראַלן
דורך טרוימענדיקן צעדערצווײַג־געפלעכט.

איך שטיי דאָן אויף דער וואַך
און גיי אויס נאָך די שטערן,
ס׳וויינט אַן אומעטליד אין דער נשמה
און בענקשאַפט אייביקע עס הייבט אָן יערן.

און ווי די שטערן זײַ פֿאַר מיר אַ סוד,
וואָס מיט מסתרים שדי׳ס מיך פֿאַרמאַניעט;
און ווען עס וועט אַראָפּפֿאַלן פֿון האַרץ אַ טרער,
ווי די שטערן ניט פֿאַרשטיין דעם סוד זאָלסט ממש...

**
*

אויך איך, דער יתום פון דער וועלט,
געקענט אַ מענטשן כ'האָב:
געהאַט האָט ער קליינעם טיף־צעקנייטשטן שטערן,
אין יעדן קנייטש — אַ נעסט פון טרויער...

זײַנע אויגן ניט געוווּסט האָבן פון טרערן,
ס'האָט אין זיי אַ שטומער ווײ געדויערט,
און מײַן נשמה האָט דעם ווייטאָג גערן.
אַ מאָל — ווען שווער געווען די בדידות אויסצוהאַלטן,
צווינג איך די ליפּן מײַנע טאָן אַ שמייכל,
און גיי אַרויס דעם מענטש אַנטקעגן:
איך זע — אַ טרויערנעסט זײַן שטערן צייכנט,
דער זעלבער שטומער צער אין זײַנע אויגן שאַלטיקט; —
איז פאַרבליבן שוין די בדידות אין מײַן האַרץ,
און אויף די ליפּן — דער שמייכל ביטער, האַרב...

## ווען צוגעפאַלן איז די נאַכט

ווען צוגעפאַלן איז די נאַכט
אַרויסגעשטויסן האָבן מיך אין דרויסן
מחשבות שווערע פון מײַן האַרץ.
אַראָפּגעלאָזן כ׳האָב זיך אויף אַ באַנק;
געדרעמלט האָט די וועלט
און אין איר חלום — מאַרק־געררוישן.
מײַן מוח איז געוואָרן אַ רשות הרבים...

פאַראַן אַ סך ליכט אין די הימלען,
און איך האָב ניט געוווּסט;
אַ מוראדיקער חושך אין די תהומען,
און איך האָב ניט געוווּסט;
פון אַלע עקן וועלט געקומען זײַנען ווינטן,
אין וואָגל און ניט־וואָגל;
די ווינטן האָבן מיך פאַרטראָגן,
זיי האָבן ניט געוווּסט —
אויך איך האָב ניט געוווּסט...

## אַ חלום

איך חלום: געזונקען איז מײַן שיף
עלנט און פֿאַרשטומט איך ליג אין איר.
שוואַרצע שטראָמען רוישן איבער מיר —
און איך — נאָך ניט געזונגען כ'האָב מײַן ליד.

איך צאַפּל זיך נאָך אינעם לעבן,
דער סם פֿון בעכער מײַנעם אין מיר גליט,
אַז איינצל־שטערן אין אַ הימל־שליחות
לאַכט אויס מײַן טויט מיט פֿריידיקן געמיט.

## עס איז דאָס ליד פֿאַרשפּאַרט אין תּפֿיסה

עס איז דאָס ליד פֿאַרשפּאַרט אין תּפֿיסה —
פֿאַרקלאַמערט האָט מען עס אין גראַמען;
פֿרײַ האָט עס געוואָלט זײַן ווי דער פֿרילינג.
האָב איך אים פֿון קלעם באַפֿרײַט.

פֿלי, מײַן מוזע,
דריי זיך אין די הימלען!
אַ פֿליגל וועל איך אויפֿהייבן נאָך דיר,
שעפּן וועל איך פֿון דײַן שיינקייט־תּהום.
און ס׳וועט קיין פֿרעמדער מיך ניט זען
ווען איך וועל אַרויף צו דיר
און ווען אומקערן איך וועל זיך צו דער ערד.

## כ׳בין געקומען צום שרון

**א**

כ׳בין געקומען צום שרון
און געטרייסט זיך מיט די בלומען.
מײַן הארץ באַגערט נאָך בלומען.
מײַן הארץ גייט אויס נאָך בלומען,
זינט מײַן קרענק איז ליבע
געפין איך ניט קיין טרייסט
נאָר אין בלומען.

**ב**

אויפן ברעג פון כינרת
גיי איך אויס נאָכן ים:
ס׳איז זײַן צופלוס מיר ליב...
פון דעם ריזיקן ים־ברעג באַגער איך
צו דער כינרת,
איך בין מיטן אומרו פון בענקשאַפט פאַרקניפּט —
מײַן האַרץ איז דעריבער צעכוואַליעט
אונטער טרוימען־וואלן עס הללט.

**ד**

אויף די קברים פון קדושים
כ׳טו תּפילה;
כ׳האָב זיי ליב ווי די בלומיקע לאַנען,
וווּ זיי ליגן באַהאַלטן.
מתפּלל בין איך צו אמונה,
צו אהבה —
עס גייט אויס מײַן האַרץ נאָך זייביידן
צוזאַמען...

## טריף, נאַכט, גינגאָלד

טריף, נאַכט, גינגאָלד,
כ׳וועל אײַנשלאָפֿן אונטערן עפּלבוים,
כ׳וועל חלומען אהבה...

ווּעסט קומען צו מײַן שויס.
כ׳האָב דיך דערקענט, דו׳סט מיך דערקענט,
נעבעך דאָ, מיט מיר דאָ נעבעך,
ווײַל אויסגעלייזט האָט דיך מײַן רחמים!...

## מיין גאָט, איך האָב דיך ליב

מײַן גאָט, איך האָב דיך ליב ביז אויסגיין און נאָך מערער.
מײַן פוס געשוואָלן איז פון וואָגלען, פוסט אויס דחקות איז מײַן קאָפּ,
איך וועל דיר נאָכגיין אויף איעדן שטעג געהאָרכזאם,
כ׳פארהיט דײַן סוד אין זיך, דײַן ליבשאפט־פײַער צינדט מיך אָן —
כ׳האָב טעג געציילט, געציילט כ׳האָב צײַטן צו דער האָפנונג —
און זי ביז הײַנט איז ניט געקומען.
ניט אויסגעלייזט איז נאָך מײַן זעל, ניטאָ פון דיר קיין רמז,
איצט וועל איך שטאַרבן, כ׳וועל אויסגיין אין מײַן בענקשאַפט.

## די נאַכט בין איך אַ פּרוש

### א

די נאַכט בין איך אַ פּרוש, ס׳גייט קיינער מיך ניט אָן,
ווייל די שכינה רוט אויף אַלץ;
מיט יעדן בוים מײַן צער, כ׳וועל וואָרקען ווי אַ קראָ,
אומגליקלעכער איז מײַן האַרץ, זײַן אומעטגליק בלויז אים דערהאַלט.

אַ פּרוש כ׳בין די נאַכט, ניטאָ קיין קרוב אין די נויטן;
אין נאַכטנעפּל כ׳וועל וואָרקען ווי אַ טויב אַן איינזאַמע;
מײַן ליד איז שטום, אַ שטומעניש פון טויט־ים...

### ד

געמיינט מײַן טאָג אַ ליבע־נעסט איז — ווּ איז מײַן טויב?
איז זי פאַרפלויגן און וועט ניט ווײַזן זיך צוריק?
איר אויג איז שקיעה־גאָלד, איר פליגל איז אַ רויז—
וועט זי ניט קומען צו מײַן שויס?

פאַרשלאָסן האָבן זי די געסעלער פון כרך,
אין פּאַלאַץ האָט זי זיך פאַרמאַכט;
חנה! — חנה! — חנה!...
אַנטחלומט שווײַגט די נאַכט...

ה

כ׳וועל צערײַסן מײַן העמד,
כ׳וועל זיך קײַקלען אויף דר׳ערד,
מײַן שגעון — מײַן גליק,
מײַן שגעון — פֿאַרלענד.
ס׳וועט קיינער באַנעמען מיין צער.
פֿאַרשלאָסן אין האַרץ איז מײַן גזר,
אַ מיידלקלייד האָט מיר פֿאַרכישופֿט מיין בליק.
פֿאַרשוווּנדן איז זי ווי די נאַכט.
בין איך ווי אַ נאַכט.

## באַגער

הײַנט איז קאַלט. דער ווינט מאַכט אומגליקלעך דאָס לייב.
אויב ניט אויפשײַנען וועט דער קאַיאָר מיט זײַנע פאַרבן —
וועל איך חלשן.
אויב עס וועט ניט אויפלעבן מײַן טרוים פאַרשטויסענער —
וועל איך אויסגיין.
איך האָב זיך פאַרפלאָנטערט אין דער תשוקה פון די טעג,
און כ׳בין משוגע פון די פאַלשע וויזיעס.
פאַרוואָס זאָל איך פאַרשניטן ווערן ?

## ניט תּמיד

### א

ניט תּמיד גיט אײַן זיך דעם טרוימער צו פֿאַנגען זײַן טרוים,
מיט מי שעפּט ער אויס אים פֿון תּהום פֿון די צײַטן.
אונטערן תּכלת פֿון הימל און פֿעלדשטיינער
האָט ער זיך פֿאַרשטעקט,
געוויגן זײַן גאָלד יעדע שעה,
געהיט אים פֿאַר דעם וואָס איז ווערט אים.
אַרויס בין איך אָרעם אַנטקעגן זײַן קלאַנג
און געזאָגט: גיב מיר עס אַוועק,
ווײַל מײַן בענקען נאָך אים האָט דורך יאָרן פֿאַרצערט מיך,
און אָפּגעוויגן האָט ער דאָס גאָלד אויף מײַן האַנט.

### ג

ניט טויט איז די ליבע,
זי גייט קיין מאָל ניט איבער,
ניט פֿאַרעלטערט ז׳מיין מיידל,
אַ צויבערדיק־ליליע איז זי,
וואָס אויף לאַנג־לאַנגע יאָרן צעבליט איז...
אויב כ׳בין אַנטשלאָפֿן געוואָרן —
שפּילן וועט אין מיר אַ פֿידל,
אויב כ׳בין פֿאַרשניטן —
אונטער אַ צויבער־געשטראָם
רוען וועל איך ווי אַ תּהום...

## דאָ און דאָרט

### א

ס׳האָט מיין פריינד אַ גלעט געטאָן זיין שיינהייט
אויף אַ באַל ביַים ברעג פון ים.
האָבן אויפגעפלאַקערט שטערן אין די הייכן,
זייער פלאַם געשיקט צום נעפּל פונעם ים.
איך האָב ווי אַ שטערן אויף זיין ברעג געבלאַנדזשעט
כ׳האָב דיין געשטאַלט וואָס מיך באַגלייט אַרומגענומען;
אויסגעגאָסן האָב איך מיַינע טרערן אויפן זאַמד,
געטרונקען האָט דער ים, און ניט געוווּסט פון רו מער...

### ב

פירט מיך אַוועק צו נזירישע צעלן,
דאָס היטל אַראָפּנעמען לערנט מיך אויס,
און הייליקע בילדער געזען כ׳האָב אַ סך,
כ׳בין כּמעט אין געוויין אויסגעבראָכן
ביַים צוקוקן זיך צום געקרייצטן;
ווען כ׳וואָלט קענען נאָך וויינען,
מיַין שרעקלעכן וויי אויף פאַר אים כ׳וואָלט געבראַכט!...

## האַק, וואָגלער, אין די וועגן

### א

האַק, וואָגלער, אין די וועגן,
דאָס פאָטערלאנד אַנטפּלעק...
צו וואָס דעם טאָג פאַרשווענדן, ווען
דײַן צוקונפט מיטן אָוונט עקט ?...
אויב קומען וועט אַ נאַכט מיט שײַן,
און פלאַימדיק וועט די לבנה העלן,
אַ לעבנסליד זיך חזר אײַן,
גאָט בויט און גאָט צעשטערט —
און דיר גאולה איז באַשערט !...

### ג

האָב ליב דאָס מיידל,
בלויז דיר וועט זי איר ליבע שענקען.
האָסט אויסגעשאָטן דײַנע האַרצפּערל
אויפן פראַכט פון אירע וויִעס ;
פון די פערזן פון דײַן בענקען
איר זעלטן קליידגעוועב :
אויף זײַנע סטעשקעס וועט דײַן טרוים
אַ לעבנס־חלום שאַפן...
געהערן וועט זי בלויז צו דיר —
די אינדיין פון דײַן ליבע !

## כ׳וועל אָפּשערן די האָר

כ׳וועל אָפּשערן די האָר, די קרוין פון קאָפּ,
און זאָגן צו מײַן גאָט:
כ׳וועל זיך ניט לאָזן צו די בערג,
אויף שפּיצן זייערע ניט שטעלן כ׳וועל מײַן טראָט
דײַן אָפּהילך אָפּזוכן פאַר מײַן געהער.

געהיימע היילן כ׳וועל ניט פאָרשן
צו זוכן דײַנע טריט,
ווײַל אויך אויף פעלדער נאָענטע האָסטו צעשפּרייט דײַן פּראַכט,
אויף יעדן בוים וואָס בליט,
אָן דײַן פּראַכט ניטאָ איז קיין שום פּראַכט.

צו וואָס דאָס הינען אין די בערג,
אין מידבר ערגעץ־ווו —
ווען דו באַגערסט איעדן שטעג,
אויף יעדן שטעג ביסטו!...

## שירה

קומט נאָר אָן די מוזע רודערט זיך די זעל פון ליבשאַפט.
צעשפרייט אויף מיר די פליגל פון דיין שיין. מיין גאָט!
דאָס איז דאָך די שעה פון גליק — איך טאָר ניט שווייגן!
בענקשאפט הייליקע איז זיך מתגבר אויף אַ טאָג פון וויי.
כ׳בין מיד פון גראַמען, נאָך דער וויזיע פון דיין קדושה גיי איך אויס.
כ׳געדענק די טעג דאָך ווען דיין ליכט געשטראַלט האָט אויף מיין קאָפּ.
מיד פון שטורעם איז מיין האַרץ, און איך געדענק דיך נאָך פון מידבר:
לייביש ביסט געלעגן אַרום מיר, קיין פיינד האָט ניט פאַרצוקט מיך —
און איך האָב ניט געוווּסט אַז כ׳בין דיר ליב...
באַפעל, גאָט, פּראַכט, באַפעל גאולה, טאַטעניו,
זיי זיך מרחם — און כ׳וועל זיין געטרייסט...

שריי, טאַטע־לייב! הייב אויף דיין קול, מיין גאָט,
באַפעל מיר גנאָד, באַשעפער, באַפעל, אַלמעכטיקער!
וווּהין זאָל איך די פליגל אויסשפרייטן ווען אַלץ אַרום איז טמא?
אויב, טאַטע, וועסט ניט אויסלייזן, וואָס טויג מיין חלום?...
רוף אויס, גאָט, אין דיינע רוימען רוף אויס מיין באַפרייונג!
דיינע אָרעמס איז מיין פרייד, ווי אַמאָל ביסטו מיר טייער!...

מיין וויזיע כ׳האָב פון דיר באַקומען,
מיט פּראַכטפול־שיין איז מיין נשמה זאַט, —
ווי ווייט זאָל איך פאַרשטויסן ווערן?
דונער מיט דיין קול פאַר מיר אין די מזלות.
ווּו די נבואה זיך צעשטורעמט האָב איך דיין פּראַכט פאַרנומען;
איך ווייס: ניט בויען וועט אַ מענטש —
דיין גייסט וועט שאַפן אין מיר ווונדער.
נאָך דער וויזיע פון דיין הייליקייט כ׳גיי אויס!
ביז וואַנעט דאַרף איך קניִען ווי אַ קנעכט —
ווען דו האָסט מיך מיט פּראַכט פאַרזיגלט?
מטהר זיי מיין היים, דיין קרוין לאָז שיינען אויף מיין קאָפּ!

## אין מײַן פּאָטערלאַנדס שאָטן

### א

צו מײַן פּאָטערלאַנדס פעלדער מײַן ליבשאַפט,
צו מײַנע פּרדסים און כּרמים,
צו הײַזער, געצעלטן און פּלאַכטעס,
צו יעטוועדן היכל פון חכמה.
צו אַלץ וואָס איז הייליק, צו כּל מיני פּראַכטן.
מיט מוט כ׳וועל באַטרעטן מײַן לאַנדס יעדן שטעג !
די זון וועט מײַן קאָפּ שענקען ברכות,
כ׳וועל זיך באָדן אין שײַן און אין שיכּרות פון טעג.

# ערד

## ב

ווען דער פלאַנץ איז מתפלל נאָך וואַסער,
ריידן דערבײַ זײַנע ליפּן:
שאַרף בין איך, מאָגער און בלאַס,
כ׳בין פּלוצלונג אַרויס פון דער ערד.
כ׳שעם זיך אַ קוק טאָן אין פּנים דער וועלט.
פאַר מײַן מאַמען — די ערד — כ׳בין אַ בגד,
נאָר איך שטיי אַ גאַנצן טאָג הויל,
ווען מיט אַ טראָפּן בלויז וואָלט מיך דער הימל באַגנעדיקט,
וואָלט איך פאַר די האַרן געוואָרן אַ קרוין,
אַ צירונג פאַר די מאַיעסטעטן.
אין מײַנע גלידער אַ זאַלב וואָלט אַרײַן,
כ׳וואָלט זיך פאַרביק צעשײַנט,
מײַן מאַמע־ערד וואָלט אָנגעקוואָלן פון חסד,
און אײַליק־צעשמייכלטע זונשטראַלן
וואָלטן אויף מיר זיך געגליטשט און פאַרזעסן.

## אויב פאַרשווונדן איז דאָס גליק...

אויב פאַרשווונדן איז דאָס גליק — ניט דאָס מײַן טרויער איז,
אויב עס קומט דאָס גליק ניט — ניט אויף דעם איך טרויער;
איך טרויער אויף מײַן לעבן, וואָס געקומען איז אין אומעט
און ניט באַשײַנטע מײַנע וועגן גרויען.

געמיינט: כ׳וועל צווישן שטיינער זײַן אַ שטיין,
זיי זײַנען שטום פון בראשית אָן צוליב גאָטס צאָרן,
אָן בלי, זיי האָבן ניט קיין טייל אין לעבן;
ביז הײַנט האָט מיך פאַרפּאָלגט דער שוכן מרום.

אויף באַרג און היגל האָט דער פרילינג זיך פאַרגרונטיקט,
און די ניט־אויסגעוויינטע טרערן זײַנען זיך אין מיר צעגאַנגען;
מײַן יוגנט איז אַדורך אָן אַ באַשייד, כ׳וועל זי ניט זוכן,
אַ וואָלקן אויף מײַן לעבן איז פאַרהאָנגען.

## פון די סודות־לידער

ב

זינג, מײַן קינד, און לאָז ניט אָפּ דײַן פידל,
אין דײַן האַרץ מײַן בענקשאַפט גלוסט צו וווינען;
ווי אָדם גיס אויס דײַנע ווערטער.
איך שווער — עס וועלן ווי דער ים ניט רוען דײַנע טרוימען.
מײַן נאַכט איז שמחה־שײַן,
צעקוואָלן זינגען מיידלעך הלל,
איך רוף בײַם נאָמען זיי ווי שלמה,
ס׳געפעלט שולמית מיר פיל מער ווי אלע,
כ׳באַנעם אַ סוד, און שכל האָב איך האָלט,
גאָטס הויכע ספירות זײַנען קלאָר געוואָרן;
מײַן עבר כ׳האָב פארשטעקט ווי גאָלד,
ווען איר געקענט וואָלט גלײַך ווי איך זען די מסתרים —
וואָלט איר געגלייבט!

# געברענט האָבן די טויערן פון קונסט

### א

געברענט האָבן די טויערן פון קונסט אין הימל,
דער קינסטלער גאָט אַנטפּלעקט זײַן מאַכט האָט,
און געוואָרן איז אַ נאַכטליד....
מײַן סוד: ס׳פּראַלן אַלע הימלען אויף פּאַר מיר,
כ׳וועל קומען צו דער אויבנשטיין
און ס׳וועט ניט זײַן פּאַר מײַן באַגער קיין פּענט;
כ׳וועל קומען צו דער אויבנשטיין
און זינגען כ׳וועל מײַן שיר,
דאָס ליד פון קינסטלער־מענטש!

### ב

אויף לאָקן מיידלשע ברענט גאָט
און שעמט זיך ניט.
פון אַ נזיר־מיקלט ז׳ער אַרויס,
און אויף אַלע פּורפּור־ווײַטן זיך צעצונדן.
צי גלוסטו ווי דער מענטש, מײַן גאָט?!...
דו לויכטסט אויף ווי אַ מאַן,
ווי איך, דער מענטש, געוואָרן ביסט אַ קונדס!
פארפאָלגן לאָז זשע מיר אויך דיך,
ווײַל מיך האָסט פארפאָלגט,
גאָט אייביקער, אהבה!...

ג

איך ווייס, אַז פון אַלץ דער באַשייד איז — גאָט־ליכט.
אין מײַן סאַמע יוגנט דערפילט כ׳האָב דעם פּלוס פון זײַן שײַן,
און כ׳האָב זיך פאַרשיכּורט.
גאָט־ליכט האָט אַלץ ווי אַ קינסטלער דערהויבן:
עס קומט אויף צעפינקלט די זון מיטן שחרית,
בײַ נאַכט פאַרבאַהאַלט די לבנה איר צויבער,
אויך מיטן־טאָג פּראַכט איז,
און ס׳איז ניט ענלעך דער הײַנט צו דעם נעכטן!
מײַן יעטוועדע רגע — איז גאָט,
און אויף אַלע וועגן — איז גאָט.

ד

אין מײַן האַרץ איז אײַנגעזונקען איין תהום נאָכן צווייטן
מײַן האַרץ איז רײַך ווי גאָט...
פאַרב נאָך, גאָט, די אָוונט־ און באַגינען־הימלען,
און אויף דער וויזיע פונעם זײַן גיס אויס דײַן שײַן,
ווײַל איך גלוסט נאָך פּראַכט...
מײַן געדאַנק איז הימל־הויך און מײַן געפיל איז ימים־מאַכט,
ס׳פאַרפירן מיך נאָך מײַנע טריט
צו דער בדידות פון די בערג,
און זייער ליכטפרייד ווען זי שפּאַרט,
שכינה־כוואַליעס פלייצן צו מײַן האַרץ...

ה

איר האָט דען ניט געקענט מײַן טרוים? מײַן טרוים פֿון יוגנט אָן.
פֿון הימלען איז ער גרעסער, פֿאַרהערלעכט מער פֿון בליצן,
ניט אויסלאָזן וועט זיך מײַן טרוים מיט מיר, איך וועל ניט אויסגיין
מיט מײַן טרוים!
פֿון וואַל צו וואַל כ׳וועל איבערגיין די ליבשאַפֿט,
באַזינגען, מאָלן כ׳וועל איר גוף און גײַסט,
ווי די נאַטור וואָס גאָט באַשאַפֿן האָט...

ו

כ׳האָב זיך אויסגעלערנט האַקן, טאָקן אין מאַסיוון,
און אויסגיסן נשמה־ליכט;
אויף העכסטן שפּיץ פֿון בערג
שטייט די בת־מלכּה;
איר גוף — געשניצטער מירמלשטיין —
פֿון איר אויגנשניט דער פּראַכט
ביז חלשן.
די ירושלים־זון אויף איר האָט אויפֿגעשײַנט...
כ׳האָב זי אָנגעקוקט די געטלעכע און זי באַגערט,
און איך גיי אויס נאָך איר כּסדר...
און זי האָט אויסגערופֿן מלכותדיק: ווער זינגען ס׳וועט מײַן ליד
זײַנע וועל איך זײַן!
איצט וועל איך גיין, כ׳וועל קומען איצט און זאָגן:
דײַן גוף, בת־מלכּה, שענער איז
פֿון הימל־מירמל,
דײַן אויגנשײַן — פֿון דער נשמות־שײַן,
דורך תּפֿילה און דורך פֿאַסטן כ׳בין דײַן סוד דערגאַנגען —
מײַנע זײַ!

## גאָט האָט נאָך רויזן פֿאַרפּלאַנצט

גאָט האָט נאָך רויזן פֿאַרפּלאַנצט אויף מײַן וועג,
ווען אַפּילו מיט דונערן האָט ער צעטומלט מײַן נאַכט.
פֿון יענער זײַט טויט בליט פֿאַר מיר דאָך אַ האָפֿן,
מײַן מוזע וועט אויפֿגיין נאָך ווי די לבֿנה,
און כאָטש ווי אַ שלאַנג כ׳היט די נאָרע פֿון האַרץ,
ניט פֿײַנט האָב איך אַלץ וואָס אַרום מיר עס וואַקסט.
מײַן היימלאַנד — מײַן האָפֿן — כל יִראַת הכּבֿוד,
און פֿון אירע בערגער, וואָס שיילן זיך אויס
אין פּראַכט פֿון פֿאַרטאָגן, עס זינגט מײַן מחשבֿה.
געגלוסטע! פֿאַרלאָזט האָסטו מיך אין אַ נאַכט
אָן איין שטערן.
איך טוליע זיך, ערד, צו דײַן שויס,
און דו, אין אַ מלכותדיק קלייד,
ניט זײַן וועסט קיין טרייסט שוין פֿאַר מיר.
איך שווער, כ׳וועל אַרײַנרײַסן זיך אין די היכלען פֿון הימל
און מאָנען ביי גאָט — שפּע ליכט אָן אַ שיעור.
פֿאַרפֿאַנצערט מיט וואָפֿן צעפּראַלט האָב איך טויערן,
געירשנט כ׳האָב לעבן און הימען,
אויף מײַן האָפֿענונגס־וועג כ׳וועל פֿאַרפֿאַלן ניט ווערן.
ווען מײַן זעל וועלן פֿלאַמען פֿאַרהילן,
וועל איך ווי די דונערן הויערן —
ס׳האָבן מיך הימלען געמאַכט פֿאַרן האַר פֿון דער ערד!

## ווי זאָל איך זינגען וועגן טאָג און נאַכט...

ג

איך שווער בײַ גאָט! די הימלשײַן דערציילט דאָס,
און דער חושך־שטורעם, וואָס פאַרשטעלט זי, זאָגט דאָס אויך;
איך שווער בײַ גאָט! די ערד־צירונג דערציילט דאָס,
און דער ביימער־אויסרײַס אין די וויכערס זאָגט דאָס אויך;
איך שווער בײַ גאָט! דער טאָג אין גאָלד דערציילט דאָס,
און די נאַכט אין אירע פחדים זאָגט דאָס אויך;
איך שווער ביי גאָט! די טײַכן־לויטערקייט דערציילט דאָס,
און דער דרוק פון נעפּל מיט זײַן שווערקייט זאָגט דאָס אויך;
איך שווער בײַ גאָט! די בערג־גערעטעניש דערציילט דאָס,
און פון פײַערשטאָל דער אויסברוך זאָגט דאָס אויך;
איך שווער בײַ גאָט! דאָס לעבן אינעם פרילינג־בלי דערציילט דאָס,
און דער טויט אכזריותדיקער זאָגט דאָס אויך;
איך שווער בײַ גאָט! דער ים צעכוואַליעטער דערציילט דאָס,
און זײַן שלווהדיקע בענקשאַפט זאָגט דאָס אויך;
איך שווער בײַ גאָט! מײַן פרעמד האַרץ אין געברויז דערציילט דאָס,
און אין שויס פון גאָט, ווען עס פארגייט זיך, זאָגט דאָס אויך.

ד

ניט געדאַרפט האָב איך קיינעם אַחוץ דיך, מײַן גאָט!
וואָס מיר די זונען, און וואָס מיר די שטערן
און וואָס איז מיר אַלץ אויסער דיך?
איך בין אַ ייִד, און ס׳באַדאַרף נאָר דעם אמת מײַן זעל,
מיט מײַן גאַנץ האַרץ כ׳האָב געזוכט דיך, און כ׳האָב דיך געפונען,
אַנטשלייערט האָסטו מײַנע אויגן און איך האָב דערזען דיך אין אַלץ —
און דו ביסט אין מײַן האַרץ.

## ווער און וואָס בין איך

ג

פון דור צו דור פאַרווינדלסטו מיך ווי אַ מאַמע,
און ווי אַ טאַטע טראָגסטו מיך אין סיני־שײַן.
מיט פרייד אַ גאַנצן טאָג ב׳טו שפּאַנען,
צי איז צו מיר דײַן ליבשאַפט שוואַך געוואָרן,
איך האַלדז דאָך דיך אַ גאַנצן טאָג,
און ביסט אין מײַנע אָרעמס!
קוק איך נאָר אָן די הימלען — איז מײַן היים מיט מיר:
ווי וווּנדערלעך, מײַן גאָט, דײַן האַנט איז!
די ערד זיך טובלט אין דײַן ליבשאַפט־צוויט,
נאָר מיט די טריט פון לעבן אײַל זיך ניט...
קיין טײַך וועט ניט פאַרשווענקען זיי אָן דײַן באַוויליקן,
און ס׳וועט דער טויט זיי ניט פאַרטיליקן!
די ערד וועט קיין פאַרצוקער ניט פאַרדאַרבן,
און קומען טאָקע וועט דײַן גרוס און קיין מאָל ניט פאַרגיין!
שטאַרקער איז דאָס לעבן, גאָט, פון טויט, ס׳איז דײַן באַפעל!
ניט אין געפּל איז דײַן גאַנג... דײַן וואָרט לעולם העלט!
אויף די נצחון־טויערן דײַן נאָמען איז פאַרזיגלט,
דײַן נאָמען איז אין אייביקייט פאַרריגלט!

## וואָס קלאָגסטו מײַן האַרץ...

**א**

וואָס קלאָגסטו מײַן האַרץ אויף דײַן היכלס רוינען ?
דער שטורעם איז גרויס געווען — ער האָט דיך דערצאָרנט ?
פון צער האָט די שכינה די האָר פון איר קאָפּ אָפּגעשאָרן,
און דיך אויך גענומען אויסמוסרן ווי איר משיח.
געכאַפּט ווי אַ גנב דיך אויף אירע בערג,
זי האָט דיך געפּײַניקט, געזאָגט : אויך איך בין צעקאַטעוועט,
ווען דו האָסט געזען וואָס באַווערט —
און דו קענסט בכלל ניט פאַרראַטן ! —
האָסטו זיך פון כעס, יסורים
צעשרײַען צעווונדיקט :
ווײ, ווײ ! פינצטער איין טאָג איז צום צווייטן, און אונטער
גאָטס פליגל ; ווּהין זשע אַנטלויפט מען פון שטורעם ?...
פון זײַנע מלאכים געמאַכט האָט ער חוזק, און איך
אין זײַן שויס ליג, מײַן לײַב ווערט פון שטורעם צעריסן.
פון מײַן פידל די סטרונעס צעפּלאַצט און פאַרשוועכט איז מײַן שפּראַך.
וואָס קוקט איר מיך אָן, ווי געפּלעפּט אומגעריכט ?
אין מיר דאַך גאָטס גדולה קדמונישע ריזלט
און אחרית־הימים געשטראַל...
ס׳האָט פאַרהילט מיך אַ נאַכט,
אויף אַ טרערן־תהום שוועבט אום די שכינה,
אויף אַ ליכטפליגל שוועבט זי אַרום...
האָט דער שטורעם אַ שטויס זי געטאָן, זי אומגליקלעך געמאַכט,
האָט זי אויסגעלאָזט צו איר משיח דעם גוואַלד...
ווי ווײ ! אַז סײַ טאָג און סײַ נאַכט איז דעם מענטשנס געבאָט...
קיין רחמנות ניטאָ אויפן זעער פון גאָט !

ב

ביסט קראַנק געווען, גאָט, ווי אַ מענטש
און די מעשי־בראשית
האָסטו לאַנגזאַם באַשאַפן ?
באצייכנט די טעג האָסטו : גוט,
איינעם פון זיי : זייער גוט, —
און דער מענטש האָט פאַרראַטן...
פאַרשוועכט איז געוואָרן די חכמה
און זי איז דאָך ליד !
און ס׳לעבן אין אָרעמס פון תוהו !
אין געשטאַלט פון אַ מלאך די פרוי איז,
נאָר פאַרשוועכט, ווייל, מ׳האָט זי ;
ניטאָ איז קיין וואַסער, קיין תיבה,
און די וועלט אַזוי מיד...
ניטאָ פאַר דעם ליכט איז קיין גואל,
און די וועלט וועט צום טויער פון חכמה ניט קומען ;
ניטאָ איז קיין וואָג פאַר איר זינד,
און גאָטס קללה, פאַרשטעלט פאַרן שטן,
שלעפט זיך אַ מידע אַרומעט...
מענטש, באַגער און פאַרראַט !
אָדער באַגער און האָב ליב !...
דאָס איז אַ יושר,
וואָס איז קיין זאַך ניט פותר,
און וועט אויך ניט בויען דאָס לאַנד —
רשעות אין רשעות געשפּאַנט...

ג

ס׳גיסט אומזיסט זיך הימלבלוי,
מײַן טרויער מיך דערשלאָגט,
ס׳נבואה־פלאַטערל געלײַגט האָט —
פאַרשאָלטן איז מײַן טאָג!
פאַרלוירן שטייען ביימער אינעם שטורעם —
מײַן זעל איז מיד.
ווו נעמט מען ליכט, אַ טרייסט פאַר זיך —
איך האָב זיך אויסגעגליטשט...

שפיל, מײַן פידל, פידלער שפיל!
פאַראומגליקט איז מײַן וועלט.
גיי אויף מײַן זעל אין שטורעם, גיי אין וויזיע אויף!
איך לעב אין טרער.

די לבנה האָט איר גיפט פאַר מיר באַהאַלטן.
יעדע שײַן איז שווינדל,
געשטרויכלט, פינצטער און געפאַלן —
אין חלום־היגלען וועל איך זיך אהינטאָן.

## ווען ס'וועקט זיך אין הימל

**א**

ווען ס'וועקט זיך אין הימל אַ ווונדערבאַר ליכט
און יעדע זעל זינגט אויס איר פלאַמענדיק ליד, —
פאַרנייגט זיך אויף וועגן אַ מלך צו פאַלן
פאַרמאַטערט און מיד...
קלאָג און באַקלאָג, מײַן נשמה, די חרפּה!

עפּענען וועלן זיך הימלען און שטײַגן,
ס'וועט אָנטרינקען אַלץ די אגדה מיט לעבעדיק שײַן...
דער פאַרבלאָנדזשעטער מלך אין קלעם איז
פון גסיסהשער פּײַן...
קלאָג און באקלאָג, מײַן נשמה, די חרפּה!

יעטוועדע סטרונע באַוועגט איז פון הימלישע ווינטן,
יעדע נשמה איר לעבנסליד זינגט...
דאָרט שטאַרבט דער געפאַלענער מלך
אין דעמער אַצינד
קלאָג און באַקלאָג, מײַן נשמה, די חרפּה!

געווען איז אַ מלך, פאַרגאַרטלט מיט גבורה,
און האָט ניט געוואָלט זאָגן יאָ צו זײַן גורל,
האָט ער זײַן לעבן און האָפן פאַרלאָזן
פאַרוויסט און פאַרלוירן...
קלאָג און באַקלאָג, מײַן נשמה, די חרפּה!

ב

הויך, זייער הויך זײַנען הימלען
באַגינען.
פון פּליסיק־צעצונדענער אויפשײַן דער ים איז צעשטורעמט —
גאָט, לייז אויס מיך פון מײַנע יסורים!

ס׳פאַרגייט מײַן נשמה פון נויט און פון צער,
די פינצטערע נאַכט
אכזריותדיק האָט מיך באַהערשט און באַרויבט גאָר מײַן פּראַכט —
גאָט, לייז אויס מיך פון מיינע יסורים!

די פינצטערניש האַלט אין איין וואַקסן, צו קנאַפּ איז די שײַן;
ס׳איז מיד די נשמה פון לײַדן
דער פּחד פון נעכטן, דאָס אָרעמע טאָגליכט פון הײַנט —
גאָט, לייז אויס מיך פון מײַנע יסורים!

## געווײַנט האָבן בערג פֿון גאָטס צאָרן

### א

געווײַנט האָבן בערג פֿון גאָטס צאָרן.
און ס'האָט זיך געוואַלגערט פֿאַרשעמט זײַי צו פֿוסנס
די הימל־עטרה.
אַ וואָגלער, איך בלאָנדזשע אַרומעט,
אַ העלישע וויזיע מײַן תּוך האָט פֿאַרנומען,

און ס'טרויערט דאָס האַרץ.
גאָטס ברוגז אויף מיר איז אַ גזר,
און איך ניט געחלומט פֿון בייז האָב,
פֿון כּעס,
איז שווער מיר די לאַסט.
איך גיי אײַן פֿון קלעם, מײַן בראָך איז פֿון פּײַן,
באַעוולה'ן איז ער ווי דער שטן צופֿרידן.
שרײַען? — מײַן גוואַלד איז פֿאַרשניטן.
ס'ווייטיקט דאָס האַרץ און
פֿאַרסמט איז מײַן זײַן.

ב

ווּ איז אַ וועג צום טויט? ווּ איז אַן אויסגאַנג נאָכן לעבן?
אויפגעגאַנגען איז אַ הייליק בילד פאַר מיר — אהבה,
און איך צעווייטיקט בין, פאַרווּנדיקט —
וואָס טויג מיר ליבשאַפט?
רויזן, בלומען זײַנען מיר פאַרבליבן
צוויי אין גאָרטן,

וואָס מיר בלומען, וואָס מיר גאָרטן —
אַז איך בין פאַרשניטן!
דער טײַך וועט מיך ניט נעמען, און איך וואַג ניט
אײַנצונעמען סם,
ס׳פאַרמערט איין טאָג אַ צווייטן צרות, מערט אים סם —
איך האָב שוין ניט קיין כוח!

ג

די פֿאַרשלאָסענע וועלט האָט פֿאַרניינט די נשמה פֿון מענטש.
האָט וועגן פֿאַר מענטשן געשאַפֿן דער מענטש,
און פֿאַר דער נשמה ניטאָ איז קיין רוים.
און ס'לאַנד פֿון מײַן היים
צעפּײַניקט, פֿאַרבענקט נאָכן ליכט פֿון משיח
בלײַבט שטיין,
און אָפּגעהאַקט זײַנען די פֿליגל.
כ'האָב געחלומט פֿון פֿרײַהײַט נאָר כ'זע זי ניט הײַנט,
כ'האָב געחלומט פֿון כּבוד נאָר כ'זע ניט זײַן עיגול —
פֿאַר מײַן נשמה ניטאָ איז קיין רוים.

## אויסגעוואַקסן מיר אַנטקעגן איז אַ ים

### א

אויסגעוואַקסן מיר אַנטקעגן איז אַ ים,
און זײַן כוואַליע־ליד צום הימל פֿאַרנומען;
גאָלד קאַפּעט אויף מײַנע וועגן, מײַן גליק איז אין פּראַכט פֿון מײַן לאַנד,
כ׳בין פֿול מיט חזיון פֿון נעבכטן און אויך פֿון אַנומלט,
איך וועל נאָך פֿאַרשאַרפֿן מײַן וויזיע, ווײַל פּראַכט איז מיר ליב און באַטעמט!

שלאָג, ים, דײַנע כוואַליעס! דײַן תּכלית זיך הויכן זאָל פֿאַר מײַנע בליקן!
באַלד טיפֿער וועט ווערן דער הימל,
מײַן האַרץ וועט אַרויס פֿון זײַן ראַם, —
דערפֿאַר ביסטו ברוגז, מײַן ים?
כ׳וועל געבן אין הימל און זײַנע מזלות אַ בריקע,
אַ יונגנטלער הפקר־ליד וועט אין מײַן האַרץ זיך נאָך גרינען.
דער תּחום פֿון מײַן זעל ווי ווען גאָט איז אין אים, —
איך דריי ווי אַ שיכּור אין אים זיך אַרומעט
פֿון שטורמישע נײַע באַגערן באַגינט!
נאָר אין אַ באָרדעל כ׳וועל ניט קומען,
ניט שענקען אַ פּרוי כ׳וועל מײַן כּוח, מײַן מוזע,
איך זאָל ניט פֿאַרשוועכן די קדושה,
די פּראַכט פֿון מײַן ליד זאָל ניט ווערן פֿאַרמינערט,
מײַן ליד — פֿון מײַן לעבן דער זין איז;

ב

מײַן הארץ איז אַ װולקאַן, נאָר כ׳הער ניט זײַן גערויש,
אַ װאַנט פון גאָלד פאַרשפּאַרט אים,
און מײַן װיזיע שפּרייט אויס הימלען, כ׳בין צערודערט,
װײַל גאָט האָט מיך באַהערשט...
געװאָלט כ׳האָב אויסשטרעקן מײַן האַנט צו קודלעס פון דער פרוי
בײַ דער שײַן פון ברענענדיקע זוגען —
האָט ער אָנגעכאַפּט מײַן האַנט און געפּליסטערט צו מיר ליבשאַפט:
װאַרט צו אַ װײַלע, דו װעסט זיך מיט דײַן גזירות שטאַרקן,
פלאַמען תהומיקע פאַררויטלען װעלן דײַנע טריט,
הימל־האַרפן װעלן זיך צעקרישלען אויף דײַן קאָפּ —
און דײַן האַרץ װי גאָט איז...
צו װאָס דיר זינקען, װי די זון גיי אויף, נאָך העכער...
זינג מיר ליבשאַפט װי הלוי,
װי אבן גבירול פלעכט אויס קרוינען צו מײַן גייסט,
די נבואה גייט, גאָטס װיזיע קומט שוין אָן, —
און גאָט אין קדושה!

ג

ווי מיר, וואָס איך האָב געגלייבט... ווי מיר, וואָס געשטורעמט האָט
מײַן האַרץ...
איך האָב געוווּסט, עס וועט דער מאָרגן מיטן נעכטן זיך צונויפּשטויסן
און מײַן גאָט אין קדושה־פלאַמען!
ליבסטע! דײַן חן איז טיף, וואָס טרוימסטו?
אויף דיין פינגער בליט דאָס רינגל
פון מײַן ליבע.
ווי אַ שלאַנג כ׳וועל זיך פאַרדרייען אַרום דיר,
און אויב איך בין אַ לייב — קייען שטרוי כ׳וועל פון דײַן האַנט...

באַפעל דײַן חן אויף מיר, באַפעל אים ווידער...
זאָג מיר, שוועסטער: פון וואַנען איז דאָס גינגאָלד,
און פאַר וואָס באַגערט אַזוי נאָך אים מײַן האַרץ?
מײַן נשמה וועל איך אויסגיסן אויף רחבותן
און מיט מײַן בלוט כ׳וועל רויט מאַכן די ערד,
ווײַל איך בין ריין.

ווי מיר, וואָס געטראָפן כ׳בין געוואָרן פון דער ליבע!
לויט דײַן באַפעל וועל איך דיך קושן, קושן, קושן,
אַפילו גאָט זאָל שטיין דערבײַ...
איך בין אַ קינד פון דור, וועמס רעיון האָט פאַרפלעקט זײַן יוגנט;
געלײַטערט כ׳בין געוואָרן אין יסורים.
איצט וועל איך אַרײַנפאַלן אין פײַער פלאַם פון גאָט־וויזיע,
איך וועל פאַרלאָרן גיין אין זײַן געפלאַקער!...

## ווינען קען איך ניט...

א

ווינען קען איך ניט און שווערער פון אַ שטיין מײַן האַרץ איז;
מיר זײַנען פרעמד אַזיסן פון רו,
און ווײַט פון מיר איז יעדע ברכה.
ניטאָ קיין תּפילה אין מײַן מויל,
ניטאָ קיין רחמים־וואָרט אויף מײַנע ליפּן;
פאַרביטערט, אין מרחקים, איז מיין יושרדיקער גאַנג —
און אַ פּרעכטיק ווילדע פרײַהײַט מיך באַהערשט,
אין איר וויל זען מיך די השגחה.
די ימים־טרערן האָב איך תּמיד אויסגעגאָסן אין געזאַנג,
ווי זיי וואָלטן זיך שוין אומגעקערט פון גאָט
און וואַרטן
אויף דעם, וואָס פאָלגט נאָך זייער טראָט...

## ב

אָ, ווען וועט קומען די טרער פון דער טיף פון מײַן האַרץ,
און גרינגער מיר מאַכן, ס׳זאָל זוניקער טוי מיך פאַרפלייצן.
ס׳קלינגען מיט טויט מײַנע טריט — מײַן מורא פאַר גאָט איז פאַרשאַרפט...
מײַן וואָגל — אין־סופיק, די האָפענונג — ווײַט, און פאַרשטומט יעדער טאָג...
נאָר ס׳הערט ניט אויף לאָקן מײַן האַרץ נאָך אַ כּישוף פון ווײַט,
כּאָטש כ׳קריץ מיט די ציין, מיין געמיט איז מיט בשמים פאַרשלאָגט,
די בריקן פון יוגנט צעשטערט כ׳האָב מיט האַרץ מײַנס צוזאַם.
און ס׳ציט מיך דאָס ליד פון דעם נעכטן און מאָרגן מיט גוואַלד.
כ׳וואַנדער אום שטאַרק פאַרבענקט צווישן נאָנטן פּייזאַזש און ברעג ים,
מײַן אויג איז נאָך אָבער ניט שיכּור: כ׳פאַרשטיי זיך אויף פּראַכטיקן בלײַען,
און ס׳האַרץ טוט מיר וויי אויף דער זון, וועלכע וועט ניט
צום מערב דערצײַען...

## גאָט לאָזט מיך ניט קקומען...

א

גאָט לאָזט מיך ניט קומען צו אים מיט אַ תפילה,
און ווו איך וועל פאַלן,
ניטאָ איז קיין מיקלט פון קדושה און רחמים;
צו מיר קומט ער אָן,
אויף מײַנע יסורים ער ברומט
ווי אַ בער אַ באַרויבטער פון קינדער.
וואָס איז דער זין פונעם ווייטיק?
וואָס איז דער סוד פון יסורים?
עס שווײַגן די הימלען,
און זיי זײַנען אָפּן פאַר מיר.
און איך אין מײַן גאָלד ווער דערוואָרגן,
און איך אין מײַן פּײַן ווער דערוואָרגן.
און געקומען צו מיר איז דאָס ליד, און אויף מײַנע ליפּן אַ ניגון.
און ס׳קען ניט דאָס האַרץ זײַנע כוואַליעס באַפרײַען.
אַן אייביקער סוד איז פאַרהוילט דאָרט —
איך צאָרן.
איך בריקע אין הימל,
איך בריקע אין שײַן פון נחמה —
און מײַן האַרץ איז יסורים.

ב

עמיצס ליפּן, וואָס פאַרוועלקט האָבן,
זאָגן אין געפּליסטער:
„און אַז אַ מענטש וואָלט ניט געדאַוונט".

און די רויזן, וואָס פאַרוועלקט האָבן אויף וועגן,
פּליסטערן אַ סוד:
„און אַז די זון וואָלט ניט געדינעט".

און ווען דער שטורעם, נאָכן ווילדעווען, באַרויִקט
זאָגט פאַרשעמטערהייט:
„די וועלטזײַלן זיך ניט צעוואַקלט".

עס דרייט אַרום דער נביא זיך אויף אַלע וועגן,
הערנדיק דאָס האָט געזאָגט:
„און וואָס איז נאָך די זײַלן?!"...

## אָט דער קלאַנג וואָס איך האָב געערן

ב

כ׳וויל אָפּרו געפינען
פון מענטשלעכן כּעס
פון לעבן אין מי.
ניט געדענקען די סברה,
וואָס שיידט אָפּ איין פּאָלק פונעם צווייטן,
און גרויס איז די שינאה
פון ערשטן שלאַנג אָן,
און מײַן האַרץ האָט דעם חשבון פאַרלאָרן...

ד

מײַן ליד פון טיפן תהומיקע פאַר מיר איז.
ביז הײַנט איך האָב זי — און אויף אייביק.
ס׳איז נישט מיט גאָרנישט, אָן קיין שום ממשות,
און ווען זי קערט זיך אום צו מיר, דערפרייט זי מיך.
א נביא טראָגט ניט קיין מונדירן,
און איז א מלך, פון געבורט גאָטס נזיר...
ווי אַ יום־טוב איז פאַר מיר די ליד, און
דרײַ מאָל אין לויף פון יאָר איך זע זי...

## גייער, גייער, קום, ניט שטיי...

גייער, גייער, קום, ניט שטיי.
רײַט אויפֿן אייזל, אָדער מיט די וואָלקנס קום אַראָפּ!
מיר וועלן לייענען אין דײַנע קנייטשן יונגשאַפֿט,
פֿרייד פֿון קומענדיקע טעג, לבנון־פּראַכט.
ירושלים שיין איז, פֿול מיט חן,
אויך תּירצה ליבלעך איז!
אַ סוד אויף מײַנע האָריזאָנטן,
אַ קרוין אויף מײַנע האָריזאָנטן.
קום, קום גייער שנעל, און קיניג!
דײַן שליחות־כּתב איז דאָך בײַ דיר.
קום זשע שנעלער,
רײַט אויפֿן אייזל, אָדער מיט די וואָלקנס קום אַראָפּ,
פּוץ אויס זיך מלכותדיק, דו וועסט אונדז איבערראַשן,
מיר וועלן וווּנדער אויף דײַן פּנים לעזן...
דוד, שפּראָץ, גיי אויף אין אָרעאָל, משיח!

## פון די לאַנדלידער

**ב**

אַ סעדל־שוועסטערל מיר האָבן,
ס׳האָבן ליב זי ווײַנגערטנער,
אירע זוימען וועלן שפּראָצן.

אַ גאָלדן לייבעלע טראָגט זי
און פול מיט חן איר מויל איז.
פאַר דער זונשײַן קניט זי
און אין איר האַרץ אַ תּפילה־כוואַליע,
פאַרנאַכט־צו שטייט זי אויף
אויסגעפּילט מיט פּראַכט.
אוי, רעדט צו איר וואָס ווייניקער,
זי איז פאַרכאַפּט פון חלום!...

## בענקשאַפט־וויזיע

ווארשתיך לי לעולם (הושע)

ג

זאָל איך אויפהערן זינגען ווען ס'האַרץ ברענט מיט ליבע?
זיינען שוואַך מיינע פליגל ווען גאָט פליסטערט ליבשאַפט דעם גאַנצענעם טאָג?
מיינע טריט צווישן רויזן שפּאַצירן, ס'איז תשוקה אין גנאָד פון זיין ליבט.

באַגלייטסט מיך, באַחנטע, דו הערלעכע שיינע רוחמה!
פון קבר שטיי אויף און פוץ אויס זיך, ווייל דו האָסט דעם טויט געקאַפּויערט!...

האָסט געברומט ווי א טויב, האָסט דעם טרוים פון מיין בענקשאַפט געטראָגן!

עס שפּאַנט איצט דיין שטערן, אָט קומט שוין דיין גואל —
דיין אויסלייז האָב איך פון דאַן אָן אָנגעזאָגט...

## פידל־קלאַנגען

### א

אויפגעגאַנגען איז די זון —
אַ צעבליטע ליליע אין די הייכן —
איר פײַער וועט ביז האַלבן טאָג
צו מיר דערגרייכן.

דערנאָך וועט זיך איר שטימונג טוישן,
צום מערב וועט זי זיך פאַרברעכן...
איך, מיט איר אַ צווילינג,
וועל ווי זי פאַרגיין;
אַרײַנפאַלן וועט זי צו מיר אין שויס, און
צודעקן וועט אונדז דער נעכטן.

### ב

מײַנע תשוקות גוואַלדיקע
מיט מיר זײַנען געקומען אין מײַן נאָרע.
אַ יונגער לייב בין איך אין מײַנע סטעפּעס,
וווּנדערלעך לאָזט זיך אַראָפּ די נאַכט —
וואָס דאַרף איך מער?
שטערן צענער־טויזנטער
פאַלן אויף דער ערד —
וואָס דאַרף איך זאָרגן?
מײַנע תשוקות וועלן זיך אין מיר פאַרהוילן:
טאַטע־פאָטער, אייביקער!

## דו ביסט מײַן פֿאַרגעניגן

### א

דו ביסט מײַן פֿאַרגעניגן,
ווען ס׳וואַקסט פֿון ליכט די שפּע;
פֿון מײַן ליבע ביסט די אינדין,
ווען אַ וויזיע פֿלעפּט מיך.

איך קני פֿאַר דיר, מײַן מיידל,
האָב מיך ליב אויף אײביק.
גאַנצע נעכט איך טראַכט פֿון דיר,
בײַטאָג צו דיר מײַן צאַפּל־גלייבן.

## מיט רעש כ׳בין געקומען אויף דער וועלט

### א

מיט רעש כ׳בין געקומען אויף דער וועלט,
און כ׳זוך אַ וויזיע פאַר מײַן זעל.
קוק אָן נאָר, טאָכטער, מײַנע ווונדן —
ווי שטאַרק איך האָב דיך ליב.
דו ענטפערסט אָבער גיט.
און ס׳גייט די זון אַרונטער,
זי זינקט אײַן אין אַ תהום,
זי האָט צוויי פליגל פון אַ מלאך;
וועט זי אַרויף צו דער פמליה,
און איך וועל בלײַבן דאָ...

### ג

כ׳בין ווי ליים בײַ דיר אין האנט,
מאַך וואָס דו פאַרלאַנגסט.
ווען ס׳וואָלט דײַן גלוסט צו מיר זיך מערן,
געפינען וואָלט איך שמשונס כּוח און זײַן מוט.
ווען ווי די לבנה וואָלסט געלאָזט מיר הערן
פון דײַן שיינקײַט, פון דײַן פּראַכט און גלוט,
געלעגן אין חלשות כ׳וואָלט דורך נאַכט,
פאַרשמאַכט,
און וואַסער וואָלט איך ניט פאַרלאַנגט.
ווען געקיניגט וואָלסטו ווי די זון —
מיטן צוים פון טאָג אין האַנט —
וואָלט איך אַ קנעכט זײַן צו דײַן רום,
אַ קנעכט ווען׳ס אויער
אַ נאָל האָט דורכגעבויערט.

## פון די יאוש־לידער

### א

...און אויב ניט געפֿאַלן קיין ליכט אויף דײַן וועג איז, מײַן ברודער,
און ס׳האָט דיך דײַן שרעקלעכער גורל געיאָגט ווי אַ שטורעם
אין מידבר,
דיר אָפּגעזאָגט אויך פֿון דעם וואַנדערערס האָפֿענונג, און אויפֿן
בראָך פֿון דײַן יוגנט
געשטעלט ווי אַ דענקמאָל דײַן צוקונפֿט, וואָס זעט אויס אַזוי
ווי אַ וויסטע אלמנה —
היט נאָר אָפּ גאָט אין דײַן האַרץ!

האָסטו געהערט דעם געבריל פֿון אַ לייב אַ פֿאַרוווּנדעטן?
האָסטו באַצווינגען געקענט דײַן באַגער אין אַ שטורעם
אַ האָפֿענונגסלאָזער, פֿאַרייִאושט?
האָסטו געוווּסט, אַז אויך טרייסט איז בײַ גאָט,
אַלץ קומט פֿון אים דיר, און גאָט איז דײַן פֿאָטער?! —
היט נאָר אָפּ גאָט אין דײַן האַרץ!

ב

מיטן שטײַגן פֿון יאוש ווערט שטילער די מוזע,
און די טרער לייזט ניט אויס פֿונעם האַרץ דעם געוויטער;
גנבעט אַרײַן זיך אַ ביטערער רעיון, אַ שוואַרצער,
פֿאַרטרײַבסטו אים שנעל, ווײַל פֿאַר גאָט איז דײַן ציטער.

דו ווילסט: נאָר ס׳וועט אויף דײַן קבר ניט שטיין קיין מצבה,
און זײַן וועסטו עלנט אין טויט ווי אין לעבן;
דערשטוינט ביסט: אויך דאָ, נאָך מײַן יאוש, דערזען האָב איך גאָט?
און ער איז דאָך העכער פֿון לידער־געוועבן!

## אויב דו האָסט

אויב דו האָסט, גאָט, אַ פאַלשע מטבע —
גיב מיר,
זאָל זי נאָר אָנגיין אין לאַנד.
קאָרמע מיט ערד מיך אַזוי ווי אַ שלאַנג,
זאָרגן איך זאָל נאָר ניט דאַרפן פאַר מאָרגן.
גיב מיר דאָס וואַסער פון מרה,
נאָר אויך מיר זאָל עס זיס זײַן אַ ווײַלע.
און אויב ס'וועט נאָך קומען אַ פרוי צו מײַן שויס —
זאָל איך מיט דײַן רצון
אַ דאָרף־ווינקל פאַר זיך געפינען,
אַ וועלכער ס'איז צווײַג איבער מיר וועט זיך שפּרייטן,
ס'וועט זיך אויף אים די לבנה פאַרהאַלטן,
און דײַן כּבוד כ'וועל זען אין דער פרייד פון דער פרוי.

די קויל פון הארמאַט זאָל נאָר פאַלן וואָס ווײַטער פון מיר,
זאָל זי זינקען אין תהומען,
און כ'לאָר זיך פון בייזווילן אויס!
אויסטרייסלען וועט זיך די זון ווי דאָס גאָלד
אויף מײַנע קינדערלעכס קעפּ.
גענוג זיי צו לעבן אויף באָקסער,
אויב גינוסר־פּירות וועלן זיי עסן צו זעט,
און זיסקייט פון הימל וועסטו זיי באַשערן!
ווו נאָר זיי וועלן זיך קערן און ווענדן,
זאָלן זיי גוטע מלאכים באַגלייטן —
געלויבט ביסטו, גאָט, דער מקיים הדורות!

## צו מיר האָט אַנטפּלעקט זיך די מוזע

צו מיר האָט אַנטפּלעקט זיך די מוזע
ווען ס'האָט מיך מײַן מאַמע געבוירן,
געזען כ'האָב זי שוועבן פּאַר זיך
אין דער בלאַסקײַט פון טאָג.
מײַן לעבן צו איר האָט פארקנסט זיך,
און זי מיך פאַרלאָקט
מיט מתיקותדיק ליכט.

אויף בלומען פון פעלדער,
אויף זייער גרין צוויטן
ז'צעגאָסן איר העלקײַט,
איר ליד האָט זיי ריידן געמאַכט...
זי האָט אויף טײַכן געציטערט,
אויף אָזערעס, לאָנקעס,
איך זע זי אין פייגל־געצוויטש
האָט מיר זיך געדאַכט...

ווער ביסטו? איך ווייס,
אין דער טיף פון דײַן זעל,
פון דאָרט כ'וועל אַרומזוכן גיין
די נשמה פון וועלט,
כ'וועל דיר שענקען געמיט,
געשמאַק און פאַרשטאַנד,
צו זינגען דײַן בורא אַ ליד...

**
*

ס׳איז שוין טיף אין אָב,
נאָר קינות שײַנט אויף אַ נחמה;
האָט אויסגעווישט אַ מענטש די אויגן
און צו דער צוקונפט אויסגעדרייט זײַן פּנים.

דאָס ליכט איז וואָרהאַפטיק,
שײַן קײַקלט זיך אין גאַסן פון דער שטאָט;
אין תּהום פון פּראַכט ווער איך פאַרשלונגען,
און צום וווּנדער איז געווענדט מײַן טראָט.

***

עלנט בין איך אינעם האַרבסט,
וויינען וויל איך מיט דער וועלט;
וואָס טויג מיר די חסד־זון,
וואָס צעשטראַלט איז רונד־ארום?!

אויב דער פרילינג איז ניטאָ,
און מיין גאָט פאַרבאָרגן איז;
מורא האָב איך פאַרן מענטש,
וואָס פון יוגנט אָן שלעכט איז.

***

ס׳האָט די היץ זיך ממש אײַנגעזאַפּט
און ס׳איז גוט געוואָרן אויפן האַרצן;
ס׳אַנטפּלעקט אַ ליבשאַפט זיך פון אויבן
און — אויסטערליש — זי האַלט כסדר אָן.

צו זײַן כלה טוליעט זיך אַ חתן
מיטן פולן כּוח פון זײַן ליבע;
און צו די קינדער זײַנען עלטערן
באַוויליקט;
ס׳האָט מיין אייניקל אַוודאי זיך צעלאַכט,
און ס׳טראָגט איר קול זיך ווי אַ גלעקל.

***

אין לאַנד פון אייביקן פרילינג —
דער זומער אין כישוף־געפליטער;
מיט ליבע און תשוקה ער ריזלט,
אין פחד פאר אים כ׳ווער פאַרציטערט.

ווו איז שולמית מײַן ליבסטע?!
זי איז געווען אַזוי האַרציק און שיין;
וועט זי מיר מוחל זײַן וואָס איך דערמאָן זי,
ווען מײַנע האָר זײַנען ווײַס ווי דער שניי?!

## ווען ס׳וועקט זיך אין מיר אויף די שירה

ווען ס׳וועקט זיך אין מיר אויף די שירה,
איז גלײַך ווי כ׳וואָלט נעמען אַ פידל אין האַנט;
כ׳פאַרציטער די סטרונעס און זי ענטפערט מיר אָפּ,
און מײַן וואָרט מיט באַגײַסטערונג ווערט אָנגעשפּאַנט.

דער נאַכטשאָטן האָט זיך צו תהומען פאַרקליבן.
און דער גאַנצער באַשאַף פול מיט שבחים צו גאָט;
אויך איך האָב פאַרגעסן פון אַלע דימיונות,
און מיך נאָר אַ תּפילה צום בורא פאַרלאָדט.

## איך בין אַ מלך אין פּאַלן...

איך בין אַ מלך אין פּאַלן, די קרוין אויף מײַן קאָפּ איז צעקנאַקט.
שווײַגט מײַן פאַרצויבערטע פידל און ס'האָט זי קיין שטויב
ניט פאַרשאָטן.
כ'קוק אין די גאַסן אַרויס און איך קום אויך צוגיין אויף ירידן,
כ'בין ניט פאַרטאָן אין חלומות — אויף מיר זהאָט מײַן וועלט
זיך פאַרהאַקט.

פרעמד איז אַ טרער מיר און אין מײַן נשמה ניטאָ איז קיין אומעט,
כ'פאַל אונטער שײַטערס פון ליבטער עד כלות;
שרײַט מײַן פאַרוווּנדיקטע האַרץ און רוט אָפּ אויף איר שלווה,
אין גרויסן ווייטיק און שפע פון נחת גייט אויס.

זי נאָר, וועמס בליק מאַיעסטעטישער קראַנק האָט געמאַכט מיך,
און בײַ מײַן בעט גאָר אַ ראָל פון אַ שוועסטער געשפּילט, —
וועט אַ רפואה מיר ברענגען מיט איר שטאַלט באַגערטן,
אין אַ פאַנטאַסטישער וויזיע מיך טאָן אַ פאַרזהיל...

## הימענס צו דער תּורה

### ב

ניט וויינען כ׳וועל לעם דיר,
צערודערט איז מײַן האַרץ,
עס קוועלט אָן מײַן נשמה.
ביסט שיין, ביסט לויטער,
ביסט צערטלעך־צאַרט,
יעדער שטריך אין דיר פאַרכאַפּט מיך —
אוי, דו שוועסטער!

### ג

אויב כ׳האָב דיך געזען וועל איך ניט שטאַרבן,
דו ביסט דאָך שוין אין אורצײַט
אין גאָטס שויס געלעגן,
דײַן געלעכטער איז זײַן פרייד,
דײַן שטיפערישקייט איז מיט דיר,
וועל איך זיך פּילפּולען ווי דו.
זאָג מיר שיינע, תמימותדיקע —
איך — וואָס פאַר אַ פּנים האָב בײַ דיר?!

ד

זוכנדיק גאָט האָב איך דיך געפונען,
דיך בת־יחידה פון הימל,
מ׳האָט דיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל,
נאָר דיינע פאַרליבטע דיך האָבן געזוכט.
אין פּאַלאַצן פון חכמה דו קיניגסט.
כ׳בין עלנט, פאַראייננזאַמט, פאַרשטויסן —
געניסן געוואָלט פון דיין שטראַליקן פּנים,
געפינען דיין ליבשאַפט ווי ס׳גליק —
לעתיד עס וועלן דיך אַלע דערקענען!

## מײַן נשמה דורשטיק איז געװוען נאָך שירה

מײַן נשמה דורשטיק איז געװוען נאָך שירה,
און פרעמדע שירה האָט זי ניט באַרויִקט,
בין איך אַװעק צו מײַנע קלײנע שירים,
באַרויִקן מײַן דורשט —
ערשט ס׳האָט זיי גאָר דער טויט פאַרטראָגן.
האָב איך פײַנט באַקומען מײַנע לידער,
און זיך אַלײן כ׳האָב פײַנט געקראָגן...

## געהערט כ׳האָב פון הינטער די שכינה־קוליסן...

(פון דער טרייסט־שירה)

געהערט כ׳האָב פון הינטער די שכינה־קוליסן —
ווי אַמאָל וועט דער ירדן באַנײַען די כוואַליעס,
און ברומען אין הויכפּלייץ אַנטקעגן די עולים פון גלות,
און שווײַגן, און ווײַזן אַ וועג זיי ווי אים צו אַדורכגיין.
כאַ־כאַ! וועט ער לאַכן דערנאָכדעם אַ פּולער,
ווי אין טעג יהושע׳ס פּאַסירט האָט אײַך, גזע פון תרשיש,
ס׳וועט נאָך די זון און לבנה זיך אָפּשטעלן לויט אַ באַפעל,
אײַער גליק אָן אַ סוף איז, עד סוף כל הדורות.

געהערט כ׳האָב פון הינטער די שכינה־קוליסן,
ס׳וועט דער לבנון און כרמל זייער גלאָריע באַנײַען.
אויסצירן וועלן די הימלען די צעדער, ווי אין שלמה׳ס צײַטן,
און בילדשיין דער כרמל וועט זײַן, ווי די וווּנדער־נבואה ישעיה׳ס,
ווען איר גורל האָט אשור פאַרשפּילט בײַ די טויערן ירושלימס.
כאַ־כאַ! וועלן לאַכן די בערג אויפן גאַנצענעם קול,
זע, די קינדער געפּרוווטע געקומען צוריק, ווי אַמאָל,
און אליהו וועט אָנזאָגן גוטס, אויף די בערג — מאַסן אויסקוקערס,
בן־דוד וועט קומען, דער מלך באַשטימטער פאַר אחרית הימים!

געהערט כ׳האָב פון הינטער די שכינה־קוליסן,
אַז פּרוכטביימער וועלן אין מידבר צעבליִען,
און קוואַלוואַסער רוישן צו שטילן דעם דאָרשט פון די עולים,
און ריידן וועט גאָט דאָרט צום האַרץ פון זײַן עדה געליטענער,
אַנטרונען פון לײדן, פון חרפּה פון טעג און פון צײַט.
און זי האָט געוויינט אין זײַן שויס, אינעם וואָגל צום
אויסדערוויילט לאַנד,
איר אַנטקעגן וועט שאַלן די היים, ביז אין הימל אַרײַן —
דו ביסט ניט פאַרלוירן, פאַרטיליקט, און אייביק וועט לעבן
דײַן שטאַם!

## די בלומען וועלקן אויף די וועגן...

די בלומען וועלקן אויף די וועגן,
פעלדער ליגן וויסט, וויינגערטנער אין אומעט.
אַ פייער האָט באַגלייט די טעג, זיין רויך איז אויך אַריבער.
די הערנער פון מיין קאָפּ געריסן האָבן הימלען,
זיי זיינען אָפּגעהאַקט געוואָרן.
אין פּחד האָב איך נאָכגעפּאָלגט אַ הירש,
האָט מיך פאַרכאַפּט אַ שונא, און איך בין פאַרשוועכט געוואָרן.
וואָס איז מיר טעג־ריחות — פאַרשווונדן מיינע פעלדער־בשמים!
וואָס איז מיר נאַכט־מעלאָדיע — מיין וויזיע־גאַנג ניטאָ איז!
אויב כ׳וועל זאָגן רייך בין איך מיט ליכט, וועט מען ניט גלייבן.
אויב כ׳וועל זאָגן כ׳האָב אַ ריזן־ליד, וועט מען מיך אויסלאַכן.
ס׳האָט גאָט מיך ליב, און שטיפנדיק אַדורכגעבראָכן מיינע צוימען.
גיי איך אַרום אין מידבר־לאַנד, מיין זיידן קלייד אויף מיר פאַרוועלקט.
אויב אַפילו אויפשיינען אַנטקעגן מיר מיין קרוין וועט —
בין איך אַן איינזאַמער, פאַרפאָלגטער...

## די גמרא ברכות

ווען ס'שײַנט די זון אויף אין די פענצטער
פון בית־מדרש,
צעשמייכלט זיך צו מיר די תורה־שײַן
פון דער גמרא;
אַן אויסגעפלאַסטערטע מיט אותיות,
און גן־עדן פרייד אין אירע אָרעמס.
גערעדט האָט זי צו מיר מיט חכמה:
מיט אהבה פול מײַן שויס איז,
אהבה אייביקע, אָן ענד —
אַ פרײַנדשאַפט־בונד פון גאָט און מענטש!

# גאָט, מײַן גאָט

אַ דורכגעאָלטער קנעכט איך שטיי
אונטער דײַנע הימלען,
פֿאַראַכט בין איך צוליב דײַן נאָמען,
פֿאַרשעמט בין איך צוליב דײַן כּבֿוד,
ווײַל איך בין פֿון דײַן שטאַם,
האָסט מיך באַשאָנקען מיט דײַן נאָמען,
נאָר אין דיר גלייב איך,
איך ציטער פֿאַר אַ פֿרעמדן שאָטן,
לאָז זשע קומען מיך צו דײַן שאָטן.

# דאָס ליד וואָס איך האָב ניט געזונגען

דאָס ליד וואָס איך האָב ניט געזונגען,
האָט גאָלדיק זיך צעשפרייט אויף רחבותן,
געלאַכט האָבן די תכלת־הימלען פון די הויכן,
און מיר איז טייַער אַלץ וואָס אין דער בריאה.

דאָס ליד וואָס איך האָב ניט געזונגען,
האָט די נשמה־סטרונעס מייַנע אָנגעציטערט,
און איך — ווי זען כ'וואָלט אָנקומען דעם עתיד,
ווען ס'וועט ישועה אויפגיין פאַר ישראל און דער וועלט.

דאָס ליד וואָס איך האָב ניט געזונגען,
אַ קוש געטאָן מייַן אייניקל האָט, נעמי'ן,
זי איז באַחנט, דאָס צערטל־קינד.
דאָס ליד געהערט וועט ווערן אינעם יום־טוב פון גאולה.

# אינהאַלט